# DI NATSYONALE UN SOTSYALE BAFRAYUNG FUN MAYREV-UKRAYINE UN MAYREV-VAYSRUSLAND

I. Traynin



אקאד. אי. טרײַנין

# די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרײַונג פון מײַרעוו־אוקראַינע און מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד







א

מעלוכע נאַצמינדפאַרלאַג

אקאד. אי. טרײַנין

# די נאציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרײַונג פון מערבֿ-אוקראַינע און מערבֿ-ווײַסרוסלאַנד

מעלוכע-פאַרלאַג
פאַר די נאציאָנאַלע מינדערהײַטן אין אוססר
קיִעוו — 1940

רעדאקטאָר — ר. באליאסנע.
טעכנישער רעדאקטאָר — מ. רעזניטשענקאָ.
קאָרעקטאָר — ה. גאָכמאנ.

פאפיר 1/32 — 84×108 — 48 קג. 7 דרוק-בויגנ.
6,11 דיסקאָנט־אויטאָר־בויגנ. פארלאג-נומער 535.
אָפגעגעבנ אינ זאצ 7/V — 1940. אונטערגעשריבנ
צומ דרוק 22/VII — 1940.
Головліт № 8677. НКМП УРСР, Укр-
поліграфтрест, 9-а поліґр. ф-ка, Київ,
зам. № 634. Тираж 2000.

קאפיטל I

# די שוואכקײַט אונ די אינערלעכע ווידערשפרוכנ פונ די קאפיטאליסטישע פילנאצי:אָנאלע מעלוכעס

די סיבעס פונ דער מילכאָמע־מאפאָלע פונ דער געוועזענער פוילישער מעלוכע ליגנ אינ דער ערשטער ריי אינ די אינערלעכע שוואכקײַטנ אונ ווידערשפרוכנ פונ דער דאָזיקער מעלוכע. דאָס איז געווענ א פילנאצי:אָנאלע מעלוכע, וואָס האָט מיט איר צעפאלונג אנטפלעקט די ווונדנ אונ קרענק, וואָס זײַנענ אייגנטימלעכ פאר יעדער קאפיטאליסטישער פילנאצי:אָנאלער מעלוכע.

די אווטאָרנ פונעמ ווערסאלער, סענ־זשערמענער אונ סעווערער „שאָלעמ־אָפמאכנ" האָבנ די נאצי:אָנאלע פראגע נאָכ דער ערשטער אימפערי:אליסטישער מילכאָמע פאָרגעשטעלט ווי א „געלייזטע". אינדערעמעסנ אָבער איז זי, פארקערט, אלצ מער פארשארפט געוואָרנ, וואָס מער עס האָט זיכ אנטוויקלט דער אלגעמיינער קריזיס פונעמ נאָכמילכאָמעדיקנ קאפיטאליזמ, וואָס מער עס איז געוואָקסנ די רעאקציע, וואָס מער עס איז געגרייט אונ פאנאנדערגעוויקלט געוואָרנ די צווייטע אימפערי:אליסטישע מילכאָמע.

דער נאצי:אָנאלער דרוק דרינגט ארויס פונעמ עצעמ וועזנ פונעמ קאפיטאליזמ, וואָס קאָנ זיכ ניט אנטוויקלענ, ניט אונטערוואָרפנדיק מיט געוואלד אונטער זיכ נײַע טעריטאָריעס, ניט אונטערדריקנדיק די נאציעס, וואָס באפעלקערנ די דאָזיקע טעריטאָריעס.

די געשיכטע פונ דעמ, ווי עס זײַנענ געשאפנ געוואָרנ אונ עס האָבנ עקזיסטירט בורזשואזע פילנאצי:אָנאלע מעלוכעס, איז פול מיט פאקטנ

פון קעגנזײַטיקן פאַרביטערטן קאַמף פון די נאַציעס, פון אַ בלוטיקן אונטערשטיקן די אונטערגעוואָרפענע נאַציעס מיצאַד די הערשנדיקע קלאַסן פון די גרויסמעכטיקע נאַציעס.

„די טראַגעדיע פון דער פּילנאַציאָנאַלער בורזשואזער מעלוכע, — האָט דער כאַווער סטאַלין געשריבן, — באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז ניט בעקויעך צו לייזן די דאָזיקע ווידערשפּרוכן, וואָס יעדער פּרווו אירער „אויסצוגלײַכן" די נאַציעס און צו „באַשיצן" די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, באַם פאַרהיטן דאָס פּריוואַטע אייגנטום און די קלאַסן־אומגלײַכקײַט, ענדיקט זיך געוויינלעך מיט אַ נײַעם אומדערפאָלג, מיט אַ נײַער פאַרשאַרפונג פון די נאַציאָנאַלע צוזאַמענשטויסן". [1]

די געשיכטע האָט באַוויזן, אַז די בורזשואזיע פון דער אונטער־דריקטער נאַציע, וואָס שטרעבט צו שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, פאַראַט געוויינלעך אין די מאָמענטן פון די פאַרביטערטע קלאַסן־שלאַכטן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, זי געפינט אין קאַמף קעגן די אַרבעטנדיקע אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיטן הערשנדיקן קלאַס פון דער אונטערדריקנדיקער נאַציע.

בלויז די דיקטאַטור פון עם אַרבעטער־קלאַס, נאָר די לענין־סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָבן געקאָנט שאַפן אַ ווירקלעכע, פעסטע און אומצערײַסלעכע פרײַנטשאַפט פון פעלקער, וואָס אַזאַ איז נאָך ניט געווען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט. דער יעסאָד פון דער דאָזיקער פרײַנטשאַפט איז די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט־סיסטעם. בלויז זי האָט געמאַכט אַ סאָף צו דער עקספּלואַטאַציע פון איין מענטש דורכן צווייטן, האָט געמאַכט אַ סאָף צו דער אונטערדריקונג פון איין נאַציע דורך דער צווייטער און האָט צונויפגעשמידט אַלע פעלקער פון עם האַטנלאַנד מיט אַן איינהײַטלעכער ציִלגעווענדטקײַט אין קאַמף פאַרן קאָמוניזם און אין די אָנשטרענגונגען, וואָס זײַנען געריכטעט אַף צו באַשיצן די סאָציאַליסטישע דעראָבערונגען. דער אויסדרוק פון דער דאָזיקער פעלקער־פרײַנטשאַפט איז דער פעסער — די פּילנאַציאָנאַלע סאָוועטישע פאַרבאַנדישע מעלוכע, וואָס האָט אונטער דער אָנפירונג פון לענינען און סטאַלינען געזיכערט די פרידלעכע מיטאַרבעטשאַפט און מיטפרײַנטשאַפט פון די פעלקער.

---

1 סטאַלין, „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע", גאָספּאָליטיזדאַט, 1939, ז. 88 (רוס.).

„...דער פּראָלעטאַריאַט, — ווערט געזאָגט אין דער רעזאָלוציע פונעם XII צוזאַמענפאָר פון רקפּ(ב), — האָט אין דער ראַטן־אָרדענונג געפונען דעם שליסל צו דער ריכטיקער לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ער האָט אַנטדעקט אין איר אַ וועג צו דער אָרגאַניזאַציע פון אַ שטאַנדהאַפטיקער פילנאַציאָנאַלער מעלוכע אויף די יעסוידעס פון נאַציאָנאַלער גלייכבארעכטיקונג און פרייוויליקייט". [1]

קעדיי צו שאַפן און צו פאַרפעסטיקן אַזאַ מעלוכע, האָט מען געמוזט ביַיקומען דעם פריִערדיקן פילדויערסדיקן אומצוטרוי צווישן די פעלקער. מע האָט געמוזט ביַיקומען די אינטריגעס פון די פיַינט פונעם פאָלק און פונעם סאָציאַליזם. מע האָט באַדאַרפט פּראַקטיש איבערציַיגן די מאַסן און זיי באַווייַזן, אַז נאָר די דיקטאַטור פונעם אַרבעטערקלאַס קאָן אַרויספירן די פעלקער פון אָרעמקייט און פינצטערניש, פאַרשטאַרקן צווישן זיי דעם בונד צום קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, פאַרהעכערן זייער וווילשטאַנד און זייער בליִונג.

די פּאַרטיי באָלשעוויקעס מיט לענינען און סטאַלינען אין דער שפּיץ האָט אָנגעוויזן אויף דער ניט־שטאַנדהאַפטיקייט פון די קאַפּיטאַליסטישע פילנאַציאָנאַלע מעלוכעס. די געשיכטע פון דער צעפאַלונג פון באַזונדערע פילנאַציאָנאַלע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס צום סאָף פון דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און נאָך איר באַשטעטיקט די אָנווייַזונגען פון לענינען און סטאַלינען. די בויונג פון דער סאָציאַליסטישער מעלוכע האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ פּעריאָד, ווען די באַציִונגען צווישן די פעלקער פון דער פריִערדיקער רוסלענדישער אימפּעריע זיַינען נאָך ניט איַינגעאָרדנט געווען געבראַכט אין אָרדענונג, ווען עס איז נאָך ניט אויסגעלעבט געווען דער אומצוטרוי צווישן די פעלקער, וואָס דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגדויערנדיקן נאַציאָנאַלן דרוק אין דער פאַרגאַנגענהייט.

„מע האָט באַדאַרפט, — האָט כאַווער סטאַלין געזאָגט אויפן אויסערארדנטלעכן VIII אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן, — איַינשטעלן אין די דאָזיקע באַדינגונגען אַ ברידערלעכע מיטאַרבעט פון די פעלקער אויף דער באַזע פון עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און מיליטערישער קעגנזיַיטיקער הילף, פאַראייניקנדיק זיי אין איין פאַרבאַנדישער פילנאַציאָנאַלער מעלוכע. די ראַטנמאַכט האָט ניט געקאָנט ניט זען די

1 סטאַלין, „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פּראַגע", גאָספּאָליטיזדאַט, 1939, ז. 273 (רוס.).

שווערי‍קײטן פון דער דאָזיקער זאַך. זי האָט געהאַט פאַר זיך די ניט־געלונגענע פּרוּוו צו די פילנאַציאָנאַלע מעלוכעס אין די בורזשואַזע לענדער. זי האָט געהאַט פאַר זיך דעם דורכגעפאַלענעם פּרוּוו פון דעם אַלטן עסטרײַך־אונגאַרן".[1]

אַף דער הײַנטצײַטיקער פּאָליטישער וועלט־קאַרטע איז עסטרײַך־אונגאַרן מער ניטאָ. ווי באַוווּסט, איז די דאָזיקע מעלוכע צעפאַלן געוואָרן אין אָקטיאַבער 1918 י. אונטער דער לאַסט פון קלאַסעווע און נאַציאָנאַלע ווידערשפּרוכן.

די הערשנדיקע קלאַסן פון עסטרײַך־אונגאַרן האָבן געמוזט מיט גוואַלד אײַנהאַלטן און דערשטיקן די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון די אונטערדריקטע פעלקער: טשעכן, פּאָליאַקן, אוקראַינער, קראָוואַטן, סערבן, איטאַליענער א. אנד. אין מאָמענט פון עם שאַרפסטן ניסאָיען, וואָס די ערשטע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך, האָבן די אונטערדריקטע נאַציעס אופגעהערט צו זײַן געהאָרכזאַם, און די עסטרײַך־אונגאַרישע מעלוכע איז צעפאַלן געוואָרן.

אַף די כורוועס פון דער אַלטער האַבסבורגער אימפּעריע האָבן זיך נאָך דער מילכאָמע אויסגעבילדעט נײַע פילנאַציאָנאַלע מעלוכעס (ניט רעכענענדיק עסטרײַך און אונגאַרן). נאָר דער שטעמפּל פון די אַלטע עסטרײַך־אונגאַרישע טראַדיציעס פון נאַציאָנאַלן דרוק האָט זיך געלייגט אַף דער פּאָליטיק פון די הערשנדיקע קלאַסן פון די נײַע מעלוכעס — די יאָרשים פון דער געוועזענער עסטרײַך־אונגאַרישער אימפּעריע.

עס איז פאַרבײַ סאַכאַקל 21 יאָר, זינט עס איז צעפאַלן געוואָרן די עסטרײַך־אונגאַרישע מעלוכע.

ס'אַרא שאַרפער אונטערשייד איז פאַראַן אין דער אַנטוויקלונג פון די צוויי טיפּן פילנאַציאָנאַלע מעלוכעס!

פּססר האָט פאַר די דאָזיקע יאָרן אָפּגעשלאָגן אָן א צאָל אַטאַקעס פון די צווישנפעלקערלעכע אימפּעריאַליסטן, ער איז געוואָרן אַן אומצוטרייסלעכע פעסטונג פון די פעלקער, וואָס בויען דעם סאָציאַליזם! אַפּן יעסאָד פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט־סיסטעם און פון דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע פעסטיקן די פעלקער פון פּססר זייער נאַציאָנאַלע סאָוועטישע מעלוכישקײַט, וואָס איז א נאַציאָנאַלע פאָרם פון סאָציאַליס־

---

1 סטאַלין, „פראַגן פון לענינים", 11־טע אופלאַגע, ז. 513 (רוס.)

טישער רעמאָקראַטיע, פעסטיקן זייערע נאציאָנאלע קולטורן — נאציאָנאלע לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטישע לויטן אינהאלט.

„...דער פרווו אויסצובילדן א פילנאציאָנאלע מעלוכע, וואָס איז געשאפן געוואָרן אפ דער באזע פונעם סאָציאַליזם, האָט זיך פולשטענדיק איינגעגעבן. דאָס איז אן אומצווייפלדיקער ניצאָכן פון דער לענינישער נאציאָנאלער פאָליטיק".[1]

און, פארקערט, אין דער קאפיטאליסטישער וועלט זעען מיר פאר די לעצטע יאָרן: קאָנפליקטן, וואָס האָבן זיך פארשטארקט צווישן די נאציעס אין די קאפיטאליסטישע מעלוכעס; די אומשטירצונגן פון די נייע פילנאציאָנאלע קאפיטאליסטישע מעלוכעס, וואָס זיינען, פונקט ווי עסטרייך-אונגארן, צעגעסן געוואָרן פון די נאציאָנאלע ווידערשפרוכן און נאציאָנאלער רייסעריי.

נישטאָ מער טשעכאָסלאָוואקיע, וועמען עס האָבן אין מיונכען פאַראַטן די „פארבינדעטע" אירע, פראנקרייך און ענגלאנד. אין טשעכאָסלאָוואקיע האָט, ווי באוווּסט, ניט אופגעהערט די נאציאָנאליסטישע רייסעריי צווישן די טשעכן און סלאָוואקן, וואָס אין פראַט איז עס געווען איינע פון די סיבעס פון דער שוואכקייט פון דער דאָזיקער מעלוכע. אין טשעכאָסלאָוואקיע האָט אויך ניט אופגעהערט די רייסעריי צווישן די טשעכן, דייטשן און פאָליאקן.

נישטאָ שוין מער פוילן, וואָס די אונטערדריקונג פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן האָט אין איר ניט אופגעהערט אפ קיין איין טאָג ניט און איז געווען אסאך אכזאָרישער, ווי אין עסטרייך-אונגארן.

עס ווערן צעריסן פון נאציאָנאלע ווידערשפרוכן אויך אזוינע מעלוכעס, ווי דאָרעם-סלאוויע און רומעניע.

עס ווערט צעריסן פון די אינערלעכע נאציאָנאלע ווידערשפרוכן איינע פון די גרעסטע קאפיטאליסטישע פילנאציאָנאלע מעלוכעס — די בריטישע אימפעריע. עס איז גענוג אָפצומערקן, אז אירלאנד האָט זיך אָפגעזאָגט צו באטייליקן זיך אין דער איצטיקער מילכאָמע פון גרויס-בריטאניע קעגן דייטשלאנד. דער נאציאָנאלער קאָנגרעס אין אינדיע, פון זיין זייט, פראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס ענגלאנד רעכנט אינדיע, קעגן דעם ווילן פונעם אינדישן פאָלק, פאר א מילכאָמע-פירנדיקן צאד. דער דאָרעם-אפריקאנישער פארבאנד האָט נאָר מיט אן אומבאדייטנדיקער

[1] סטאלין, „פראגן פון לעניניזם", 11-טע אופלאגע, ז. 513 (רוס.).

פּאַרלאַמענטישער מערהײט פון 13 שטימען (80 קעגן 67) באַשטימט זיך צו סאָלידאַריזירן מיט ענגלאַנד און דער מיליטערישער קעגן דײַטשלאַנד. גלײַכצײַטיק אָבער, ווי עס האָט מיטגעטיילט די פּרעסע, איז אינעם דאָרעם־אַפריקאַנישן פאַרבאַנד פאַרווערט געוואָרן צו ווערבירן פרײַוויליקע פאַר דער ענגלישער אַרמיי.

דאָס אַלץ כאַראַקטעריזירט אַ געוויסע געזעצמעסיקײַט, וואָס איז אײַגנטימלעך יעטווידער קאַפּיטאַליסטישער פילנאַציאָנאַלער מעלוכע, וועלכע טראָגט אין זיך די עמבריאָנען פון צעפאַלונג.

די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג ווערט פאַרווירקלעכט דורך פאַרשיידענע מיטלען.

זי קאָן זײַן אַ דירעקטע, ד.ה. זי דריקט זיך אויס אין אומיטלבאַרער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג מיצאַד דער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע, אין מיליטערישער דערשטיקונג, אין אומראַכמאָנעסדיקן פאַרפאָלגן די נאַציאָנאַלע קולטור א.אז.וו.

זי קאָן אָבער אויך זײַן ניט קיין אומיטלבאַרע, האַנדיק פאַר זיך די זעלבע צילן. אַשטייגער, די פּאָליטיק פון די עסטרײַך־אונגאַרישע הערשנדיקע קלאַסן איז געווען געריכטעט אַפּ אָנצורייצן איין נאַציע אַפּ דער אַנדערער, אונטערטעניק מאַכן איין אונטערדריקטע נאַציע מיט דער הילף פון אַ צווייטער נאַציע, וואָס אירע הערשנדיקע קלאַסן זײַנען אונטערגעקויפט געוואָרן דורך האַנאָכעס און פּריווילעגיעס.

„די עסטרײַכער, — האָט דער כאַווער סטאַלין געזאָגט אינעם באַריכט אַפן XII פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, — האָבן דערנענטערט צו זיך די פּאָליאַקן, האָבן זיי געגעבן פּריווילעגיעס, כּדי די פּאָליאַקן זאָלן העלפן די עסטרײַכער צו פאַרשטאַרקן זייערע פּאָזיציעס אין פּוילן, און דערפאַר האָבן זיי געגעבן די פּאָליאַקן אַ מעגלעכקײַט צו שטיקן גאַליציע. דאָס איז אַ באַזונדערע ריין־עסטרײַכישע סיסטעם — אויסטיילן אייניקע נאַציאָנאַליטעטן און זיי געבן פּריווילעגיעס, כּדי דערנאָך זיך ספּראַווען מיט די איבעריקע“.[1]

דאָס איז, ווי באַוווּסט, געווען די מעטערניך־סיסטעם פון נאַציאָנאַלן דרוק. אין עסטרײַך האָט זיך דאָס גערופן „Eine Nation gegen die andere ausspielen“,

---

[1] סטאַלין, „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע“, גאָספּאָליטיזדאַט, 1939, ז. 157 (רוס.).

ד. ה. „צעשפּילן“, אָנרייצן אײן נאַציע קעגן דער צװײטער.

װער עס איז באַמש װױפל ס'ניט איז באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון עסטרײך, דער װײסט, װיאַזױ די דײטשישע רעגירנדיקע קלאַסן האָבן מיט דער הילף פון דער פּױלישער שליאַכטע אונטערדריקט די פּױלישע און אוקראַיִנישע פּױערים.

די אַריסטאָקראַטן די גוטבאַזיצערס — די אַלערלײ פּאָטאָצקים, ליוּבאָמירסקים, משאַרטאָריסקים, — די רײַכע פּױלישע סטאַראָסטעס און װאָיעװאָדעס איז געגעבן געװאָרן פולקומע הערשאַפט אין גאַליציע און ביפראַט איבער די אוקראַיִנישע פּױערים. דער דאָזיקער דרוק האָט זיך אַרױסגעװיזן אינעם עקאָנאָמישן געביט און אינעם פּאָליטישן געביט, באַזונדערס אין דער אַזױגערופענער „זעלבסטפּאַרװאַלטונג“ פון גאַליציע, װאָס אין איר האָבן די אָנפירנדיקע ראָליע געשפּילט די פּױלישע הערשנדיקע קלאַסן.

די פּאָליאַקן האָבן באַנוּצט די אוקראַיִנער אױך פון דער פּאַרשטײערשאַפט אין דעם צענטראַלן פּאַרלאַמענט. אַזױ איז אינעם יאָר 1911, שױן נאָך דעם, װי אין עסטרײך איז אײַנגעפירט געװאָרן דאָס אַזױגערופענע „אַלגעמײנע“ װאַלרעכט, האָבן די אוקראַיִנער באַקומען 11,71% פון אַלע אָפּגעגעבענע שטימען, דעפּוטאַטן אָבער אין רײַכסטאַג האָבן זײ געשיקט סאַכאַקל 29. אַקעגנ־זשע, די פּאָליאַקן האָבן באַקומען 14,83% פון אַלע אָפּגעגעבענע שטימען, און דעפּוטאַטן האָבן זײ געשיקט 80.

דאָס איז געװען די ספּעציפישע „עסטרײַכישע סיסטעם“ פון נאַציאָנאַלן דרוק, װעלכע אױך אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס (אַשטײגער ענגלאַנד אין אינדיע) האָבן פּראַקטיקירט און פּראַקטיקירן איצט אױך.

די פּױלישע גוטבאַזיצער פון עסטרײַך זײַנען אַזױאַרום דורכגעגאַנגען אַ רעכטע „שול“, אײדער זײ זײַנען געװאָרן באַלעבאַטים פון זײער גורל פון זײער „נאַציאָנאַלער“ מעלוכע, װאָס צו איר כאַראַקטעריסטיק גײען מיר אָקאָרשט אַריבער.

## דער אופקום און די אנטוויקלונג פון דער געוועזענער פוילישער מעלוכע

וויאזוי איז אנטשטאנען די געוועזענע פוילישע מעלוכע?

די אימפעריאליסטישע מילכאָמע האָט ארויסגערופן אן אומגעוויינילעכע פארשארפונג פון דער נאציאָנאלער פראגע. די רעגירונג פון די מילכאָמע־פירנדיקע מעלוכעס האָבן אויסגענוצט די נאציאָנאלע פראגע און די פראגע וועגן שאפן נאציאָנאלע מעלוכעס אויסן שטאנדפונקט פון זייערע סטראטעגיישע אופגאבעס. צוויי קייזערס — פון דייטשלאנד און עסטרייך — האָבן צוגעזאָגט פוילן „באפרייען" זי פון רוסלאנד, האָבנדיק די קאוואָנע אזויארום איינצושליסן אין זייערע גרענעצן די טעריטאָריע פונעם געוועזענעם אזויגערופענעם פוילישן קעניגרייך.

פון איר זייט האָט אויך די צארישע רעגירונג צוגעזאָגט פוילן, וואָס פאקטיש האָבן זי דעמולט געהאט פארכאפט די עסטרייך־דייטשן, אילויזאָרישע נאציאָנאלע „רעכט" אין די גרענעצן פון דער רוסלענדישער אימפעריע. דאָס פארווירקלעכן אָבער דעם דאָזיקן פראָיעקט האָט די צארישע רעגירונג אָפּהענגיק געמאכט פון די אומשטענדן, וואָס וועלן זיך שאפן צום סאָף מילכאָמע.

קאָלזמאן די רעגירונגען פון ענגלאנד און פראנקרייך זיינען געווען אין א בונד מיט דער צארישער רעגירונג, האָבן זיי ניט אופגעהויבן די פראגע וועגן דער זעלבשטענדיקייט פון פוילן. נאָך מער, נאָך אין פעווראל 1917 י. איז פראנקרייך געקומען צו א געהיימער פארשטענדיקונג מיט דער צארישער רעגירונג וועגן דעם, אז פראנקרייך אנערקענט פאר רוסלאנד די פולע פרייהייט צו באשטימען אירע מייריוודיקע גרענעצן. דערמיט אליין האָט פראנקרייך עטלעכע טעג פאר דער פעווראלרעוואָליוציע פון 1917 י. געלאָזט דעם גוירל פון פוילן אפן פולן באראָט פון דער צארישער רעגירונג.

בלויז די ראטן־רעגירונג האָט אין איר „דעקלאראציע פון די רעכט פון די פעלקער פון רוסלאנד" דעם 2 (15) נאָיאבער 1917 י. פראָקלאמירט „דאָס רעכט פון די פעלקער פון רוסלאנד פריי זיך צו

זעלבסטבאשטימענג אזש ביז אָפּטיילן זיך און אויסבילדן א זעלבשטענ־דיקע מעלוכע".[1]

די דאָזיקע „דעקלאראציע" האָט געהאט א שײַכעס צו אַלע פעלקער פון דער געוועזענער צארישער אימפּעריע, דערינ אויך צום פּוילישנ פאָלק.

דער דעקרעט פונעם ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פארנ 29 אוו־גוסט 1918 י. האָט ספּעציעל אונטערגעשטראָכנ:

„ארטיקל 3. אַלע אָפּמאכנ און אקטנ, וואָס זײַנענ געשלאָסנ גע־וואָרנ דורכ דער רעגירונג פונ דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע מיט די רעגירונגענ פונעם פּרײַסישנ קעניגרײַך און פונ דער עסטרײַך־אונגארישער אימפּעריע, וואָס האָבנ א שײַכעס צו די צעטיילונגענ פונ פּוילנ, איז מאכמעס זייער ווידערשפּרעכנ דעם פּרינציפּ פונ זעלבסט־באשטימונג פונ די נאציעס און דעם רעוואָליוציאָנערנ רעכט־באוווסט־זײַנ פונעם רוסישנ פאָלק, וואָס האָט אנערקענט פארנ פּוילישנ פאָלק דאָס אומאָפּנעמבארע רעכט אפ זעלבסטשטענדיקײַט און איינהײַט, — ווערנ איצט אפ שטענדיק אָפּגעשאפט".[2]

די רעוואָליוציעס אינ דײַטשלאנד און אינ עסטרײַך אינ 1918 י., וואָס האָבנ אראָפּגעוואָרפנ די האָהענצאָלערנס און די האבסבורגער, האָבנ געמאכט מעגלעך דאָס פאריייניקנ די דײַטשישע און עסטרײַכישע טעריטאָריעס פונ פּוילנ צום גרונטיקנ און סאמע גרויסנ טייל פּוילנ, וואָס איז פריער ארײַנגעגאנגענ אינעם באשטאנד פונ דער רוסלענדישער אימפּעריע".[3]

די באזונדערע באדינגונגענ, וואָס זײַנענ געווענ פארבונדנ מיט דער מיל־כאָמע, האָבנ געבראכט דערצו, אז דאָס בורזשואז־פּריצישע אויבערקעפּל

---

1 „זאמלונג פונ געזעצנ", נומ. 2, 1917 י., ארטיקל 18.

2 דער דעקרעט האָט דעם טיטל: „וועגנ דעם אָפּזאָגנ זיך פונ די אָפּמאכנ פונ דער רעגירונג פונ דער געוועזענער רוסלענדישער אימפּעריע מיט די רעגירונגענ: פונ דער דײַטשישער און עסטרײַך־אונגארישער אימפּעריע, פונ די קעניגרײַכנ פונ פּרײַסנ און בײַערנ, פונ די הערצאָגטומס העסענ, אָלדענבורג און סאקסענ־מייניגנגענ און פונ דער שטאָט ליובעק" („זאמלונג פונ געזעצנ", נומ. 64, 1918 י., ארטיקל 698).

3 דער טייל פוילנ, וואָס איז ארײַנגעגאנגענ אינעם באשטאנד פונ רוסלאנד, איז בא־שטאנענ פונ 260 טויז. קמ2; די עסטרײַכישע און דײַטשישע טיילנ צוזאמענ האָבנ באטראָפנ 130 טויז. קמ2, ד, ה. א העלפט פונ דעם טייל פוילנ, וואָס איז ארײַנגעגאנגענ אינ רוסלאנד.

אינ פוילנ האָט מיט דער הילפ פונ די אימפעריאליסטנ פונ דײַטש-
לאנד אונ עסטרײַכ, אָפנארנדיק די מאסנ מיט נאציאָנאליסטישע לאָזונ-
גענ, פארכאפט די מאכט אינ זײערע הענט.

דער פוילישער פראָלעטאריאט האָט אינ דער פארגאנגענהײט געהאט גרויסע רעוואָליוציאָנערע טראדיציעס, א גרויסע דערפארונג פונ קאמפ מיטנ צאריזם, די דערפארונג פונ דער רעוואָליוציע פונ 1905 י. עמעס, אונטער דער ווירקונג פונ דער פפס (פוילישע פארטײ סאָציאליסטנ) האָט א באדײטנדיקער טײל פונעם פראָלעטאריאט זיכ אראָפגעשלאָגנ אפ נאציאָנאליסטישע פאָזיציעס. צום מאָמענט, ווענ עס איז אויסגעבילדעט געוואָרנ די געוועזענע פוילישע מעלוכע, איז דער פוילישער פראָלעטאריאט געווענ צעשטויבט, צעוואָרפנ. בא א האלבנ מיליאָנ ארבעטער פונ פוילנ זײַנענ מיט גוואלד אריבערגעוואָרפנ געוואָרנ קײנ דײַטשלאנד אונ עסטרײַכ.

די מאכט, וואָס האָט זיכ אײַנגעשטעלט אינ פוילנ, איז געשאפנ געוואָרנ ניט אפ א דעמאָקראטישנ אופנ. זי האָט ניט געהאט קײנ פול-מאכטנ פונעם פאָלק אפילע אינ יענער באגרענעצטער פאָרמ, ווי דאָס איז מעגלעכ געווענ אינ די באדינגונגענ פונ בורזשואזער דעמאָקראטיע. פילסודסקי — „דער שעפ פונ דער מעלוכע" — האָט אינ 1918 י. איבער-גענומענ די מאכט פונ דעמ אזויגערופענעמ רעגענטנ-ראט, וואָס איז געווענ טעטיק לויטנ אופטראָג פונ די צוויי קײזערס — דעמ עסטרײַכישנ אונ דײַטשישנ, — אונ ניט לויטנ פולמאכט פונעם פוילישנ פאָלק. דער ערשטער סיימ איז אויסגעקליבנ געוואָרנ אינ באדינגונגענ פונ פילסודס-קיס מיליטערישער דיקטאטור, אונטער דער באווירקונג פונ זײַנע „לעגיאָ-נענ", אינ וועלכע עס זײַנענ ארײַנגעגאנגענ די מיליטער-לײַט, וואָס האָבנ פריער געדינט בא דעמ עסטרײַכ-אונגארישנ אונ רוסלענדישנ אימפעריא-ליזמ. דער סיימ האָט זיכ געעפנט דעמ 9 פעווראל 1919 י. אונטער דער שוצ פונ פילסודסקיס „לעגיאָנענ". איז שוינ א כידעש, וואָס דער דאָזיקער סיימ האָט איבערגעגעבנ דאָס ווײַטערדיקע שעפטום איבער דער פוילישער מעלוכע פילסודסקינ? עס איז באוווסט, אז שפעטער האָט פילסודסקי געזידלט מיט די מיעסטע מארק-ווערטער דעמ אזויגע-רופענעמ „פאָלקס-ווילנ" אינ דער פערזאָנ פונעמ סיימ.

די פוילישע הערשנדיקע קלאסנ האָט זיכ אײַנגעגעבנ אָפצונארנ די פוילישע מאסנ מיט דער הילפ פונ דער נאציאָנאליסטישער פארטײ פפס. די דאָזיקע פארטײ, וואָס האָט זיכ צוגעדעקט מיטנ „סאָציאליסטיש-"

נאָמענ, איז געווענ דער הויפטדורכפירער פונעמ בורזשואזנ נאציאָנאליזמ צווישנ די פוילישע ארבעטער אונ פויערימ.

נאָכ אינ פעריאָד פונ דער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע האָבנ די פעפעסאָווצעס געשטעלט העכער פאר אלצ די אויפגאבע פונ שאפנ א באזונדערע פוילישע מעלוכע. דער דאָזיקער אויפגאבע האָבנ זיי גערופנ אונטערצוווארפנ די קלאסנ-אינטערעסנ פונעמ פראָלעטאריאט. צוליב דעמ דאָזיקנ ציל זיינענ זיי געווענ גרייט צו דינענ וועמענ עס ניט איז אונ פארוואָס עס ניט איז. פילסודסקי, א געוועזענער פעפעסאָוועצ, האָט געדינט ביימ דער רוסיש-יאפאָנישער מילכאָמע פונ די יאָרנ 1904-1905 אינ דער יאפאָנישער ראזוועדקע, ער האָט בא איר באקומענ געלט-מיטלענ. ער האָט גערעכנט, אז די אָפשוואכונג פונ רוסלאנד וועט ברענגענ צו דער זעלבשטענדיקייט פונ פוילנ.

אומגעפער אזא מינ פאָזיציע האָבנ די פעפעסאָווצעס פארנומענ אויכ ביימ דער ערשטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. די פעפעסאָווצעס האָבנ אינ דער שפיצ מיט פילסודסקינ מיטגעארבעט מיטנ עסטרייכ-אונגארישנ אימפעריאליזמ, האָבנ געשאפנ „לעגיאָנענ", וואָס האָבנ מילכאָמע געהאלטנ אפנ צאד פונ דייטשלאנד אונ עסטרייכ. פילסודסקי איז געשטאנענ אינ דער שפיצ פונ די דאָזיקע „לעגיאָנענ" אונ האָט אפילע געהאט דעמ קאָוועד צו באקומענ פונעמ עסטרייכישנ אימפעראטאָר דעמ ראנג גענעראל.

לענינ האָט ביימ דער ערשטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע אינ 1916 י. געשריבנ: „זיינ פאר א מילכאָמע אנ אלגעמיינ-אייראָפעישער בלויז צוליב דעמ איינעמ אופשטעלנ פוילנ — הייסט זיינ א נאציאָנאליסט פונ דער ערגסטער מארקע, שטעלנ די אינטערעסנ פונ א קליינער צאָל פאָליאקנ העכער פאר די אינטערעסנ פונ הונדערטער מיליאָנענ מענטשנ, וואָס ליידנ פונ דער מילכאָמע. אונ גראָד אזוינע זיינענ האָכ, אשטייגער, די „פראקנ" (פפס, פראוויצע), וואָס זיינענ סאָציאליסטנ בלויז מיטנ מויל... שטעלנ דעמ לאָזונג פונ פוילנס אומאָפהענגיקייט *איצט*, אינ די אומשטענדנ פונ דער *געגעבענער* מיטפארהעלטעניש פונ די אימפעריאליסטישע *שכיינישע* מעלוכעס, הייסט, ווירקלעכ, זיכ יאָגנ נאָכ אנ אוטאָפיע, אריינפאלנ אינ שמאָלנ נאציאָנאליזמ, פארגעסנ די פאָרהאנאָכע פונ אנ אלגעמיינ-אייראָפעישער אָדער, צומ קארגסטנ, רוסישער אונ דייטשישער רעוואָליוציע".[1]

1 לענינ, ווערק, ב. XIX, ז. 265 — 264 (רוס.).

די פעפעסאָווצעס זײַנען געווען די ערגסטע פײַנט פון דער סאָוועטישער און דײַטשישער רעוואָליוציעס.

די פפס האָט דעמאגאָגיש אײַנגעבילדעט די ארבעטנדיקע מאסן, אז אלע סאָציאלע פראָבלעמען, אין וועלכע זיי זײַנען בלוטיק פארינטערעסירט, קאָנען נאָר לייזן אין די ראמען פון א „נאציאָנאלער" (ד. ה. בירזשואזער) פוילישער מעלוכע.

אינעם פערזאָד פונעם רעוואָליוציאָנערן אופשטײַג, די יאָרן 1919 — 1917, האָט די פפס באוווסטזיניק אונטערגעריסן די ראטן פון ארבעטער־דעפוטאטן (אין דאָמבראָווער, ליובלינער און אין אנדערע ראיאָנען), וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאניזירן אין פוילן, דערמיט גופא האָט זי געזיכערט די העגעמאָניע פון די בורזשואזיש־פריצישע קרײַזן, וואָס זײַנען געווען די אגענטור צוערשט פונעם עסטרײַך־דײַטשישן אימפעריאליזם, און דערנאָך אויך פונעם אנטאנטישן אימפעריאליזם.

די פפס, ווי אויך אלע בורזשואזע פארטייען, האָט געשטרעבט אויסצונוצן אף יעדערליי ארט די היסטאָרישע טראדיציעס, וואָס האָבן זיך אויסגעפאָרמירט אינעם פוילישן פאָלק אין משך פון מער ווי א הונדערטיאָריקן קאמף פאר דער נאציאָנאלער אומאָפהענגיקײַט. ווי אלע בורזשואזע נאציאָנאליסטישע פארטייען, האָט אויך די פפס געשטרעבט צו דערציען אין די מאסן א געפיל פון אומצוטרוי צו אלעם רוסישן. דערמאָנענדיק די מאסן וועגן דעם פאָריקן דרוק, האָבן די פעפעסאָווצעס געשטרעבט „איבערצײַגן" די דאָזיקע מאסן, אז אויך די רוסישע באָלשעוויקעס ווילן קלוימערשט מיט גוואלד נאָכאמאָל אונטערוואַרפן דאָס פוילישע פאָלק צו רוסלאנד.

די פעפעסאָווצעס האָבן זיך ניט געמיִעסט אפילע צו פעלשן און פארקריפלען קארל מארקס און ענגעלסעס געדאנקען וועגן פוילן. זיי האָבן אויסגעזוכט אין זייערע ארבעטן ציטאטעס, וואָס ווײַזן אף די סימפאטיעס פון די קלאסיקער פונעם מארקסיזם צו דער פוילישער נאציאָנאל־באפרײַערישער באוועגונג, וואָס איז אין דער פארגאנגענהײַט געווען געריכטעט קעגן דעם דרוק פונעם צארישן רוסלאנד, פון עסטרײַך און פרײַסן. אָבער אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי באוווסטזיניק פארשוויגן די שאַרפע קריטיק פון מארקסן און ענגעלסן קעגן די אויבערשיכטן פון דער פוילישער נאציע, וואָס האָבן פארורטיילט די נאציאָנאל־באפרײַערישע באוועגונג אף דורכפאל.

די פּפּס האָט געהאַט די כוצפּע צו דערקלערן, אַז זי האַלט פאַר איר מיסיע „באַפרײַען" דאָס אוקראַיִנישע און װײַסרוסישע פאָלק, פון באָלשעװיקעס, שטיצנדיק דערמיט גופא די פאַרכאַפּערישע שטרעבונגען פון די פּױלישע אימפּעריאַליסטן בענעגײע אוססר און װססר.

דער שאַנטאַזש און די דעמאַגאָגיע פון די פּעפּעעסאָװצעס זײַנען אַפּ יעדערליי אויפן געשטיצט געװאָרן פון דער פּױלישער רעגירונג, װאָס האָט פאַריאָגט די פּױלישע קאָמפּאַרטיי אין אונטערערד און האָט דער־מיט גופא פאַרלײַכטערט דער װירקונג פון דער פּפּס אַרײַנצודרינגען צװישן די מאַסן אַרבעטנדיקע.

אַרויסטרעטנדיק קעגן דער פּפּס, האָבן לעניג און סטאַלין צו דער זעלבער צײַט שאַרף קריטיקירט די פּױלישע ליוקסעמבורגיאַנער, װאָס זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם לאָזונג פון די באָלשעװיקעס „דאָס רעכט פון די נאַציעס אַפּ זעלבסטבאַשטימונג אַזש ביז אָפּטײלן זיך" און האָבן אים געטײַטשט װי אַ „בורזשואַזן" לאָזונג. איגנאָרירנדיק די נאַ־ציאָנאַלע פראַגע, האָבן די ליוקסעמבורגיאַנער מיטגעװירקט צו פאַר־פעסטיקן דעם פּױלישן נאַציאָנאַליזם. אַפּ זײ פאַלט די שולד פאַר דעם, װאָס, ניט געפינענדיק קײן ענטפער אַפּ זײַנע נאַציאָנאַלע אינטערעסן בײַ די אַלטע פּױלישע כאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָט דער פּױלישער אַרבעטער זיך אָפּט געלאָזט אַרײַנציִען אין די רײען פון דער פּפּס.

נאָך אין 1903 י., אין עם מאָמענט, װען די באָלשעװיסטישע פאַר־טײ האָט געהאַלטן אין צונויפשמידן זיך, האָט לעניג געשריבן: „...די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בינדט זיך מיט גאָרנישט ניט די הענט. זי רעכנט זיך מיט אַ ל ע מעגלעכע, אפילע מיט אַלע ביכלאַל ד ע נ ק־ב אַ ר ע קאָמבינאַציעס, װען זי שטעלט אַרויס אין איר פּראָגראַם דאָס אַנערקענען דאָס רעכט אַפּ זעלבסטבאַשטימונג פון די נאַציעס. די דאָ־זיקע פּראָגראַם שליסט אַפּ קײן האָר ניט אויס, אַז דער פּױלישער פּראָלעטאַריאַט זאָל אַרויסשטעלן אַלס זײַנעם אַ לאָזונג אַ פרײַע און אומאָפּהענגיקע פּױלישע רעפּובליק, װען אפילע די װאַרשײַנלעכקײט, אַז דאָס זאָל פאַרװירקלעכט װערן ביזן סאָציאַליזם, װאָלט געװען לאַכלוּזן אַ נישטיקע. די דאָזיקע פּראָגראַם פאָדערט נאָר, אַז אַ װירקלעך סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטײ זאָל ניט דעמאָראַליזירן דעם פּראָלעטאַרישן באַװוסט־זײַן, זאָל ניט פאַרטונקלען דעם קלאַסנקאַמפּ, זאָל ניט פאַרפירן דעם אַרבעטער־קלאַס מיט בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פראַזעס, זאָל ניט צע־

שטערן די אייגהייט פונ דעם היינטצייטיקן פּאָליטישן קאמף פונעם פּראָלעטאריאט". [1]

ביים דער ערשטער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע האָט לעניג שארף קריטיקירט די ליוקסעמבורגיאנער. ער האָט אָנגעוויזן דערויף, אז די רוסישע און דייטשישע סאָציאל-דעמאָקראטן דארפן אומבאדינגט פאָדערן פרייע רעכט פאר פוילן צו לייזן די פראגעס וועגן איר גורל און וועגן איר מעלוכישקייט. די פוילישע סאָציאל-דעמאָקראטן אָבער קאָנען, דערשלאָגנדיק זיך צו אן אייגהייט פונעם פּראָלעטארישן קאמף, דאפקע ניט ארויס-שטעלן פאר דער געגעבענער עפּאָכע און פארן געגע-בענעם פעריאָד דעם לאָזונג וועגן פוילנס אומאָפּהענגיקייט.

גראָד אָבער דער דאָזיקער אומשטאנד האָט געפאָדערט די סאמע אופמערקזאמע באציונג פון די פוילישע סאָציאל-דעמאָקראטן צו דער נאציאָנאלער פראגע, קעדיי דערציען די פוילישע מאסן אין גייסט פון פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם. די ליוקסעמבורגיאנער אָבער האָבן, פארקערט, איגנאָרירט די נאציאָנאלע פראגע אי ביים דער ערשטער אימפּעריאליסטישער מלכאָמע, אי די ערשטע יאָרן פון שאפן די פוי-לישע פריציש-בורזשואזע מעלוכע, און דערמיט האָבן זיי פארשטארקט די פּאָזיציעס פון דער פּפּס.

* * *

די פוילישע מעלוכע האָט פון די ערשטע טעג אָן פון איר אופקום אָנגעהויבן אן אימפּעריאליסטישע פּאָליטיק פון פארכאפונג און פון אונטערווארפן אונטער זיך אנדערע נאציאָנאליטעטן. די דאָזיקע פאר-כאפונגען זיינען פארשטעלט געוואָרן מיט פראזעס וועגן „היסטאָרישע גרענעצן", וועגן „די גרענעצן פונעם 1772 יאָר".

בנוגע די מיזרעך-גרענעצן פון פוילן האָט דאָס באטייט: 1) איינשליסן מיט גוואלד אין די גרענעצן פון פוילן די טעריטאָריע פון דעם סאָוועטישן ווייסרוסלאנד און פון דער סאָוועטישער אוקראינע, ארייננגערעכנט אויך קיעוו, וואָס האָט זיך געפונען אפילע פון יענער זייט ליניע פון די אזויגערופענע „גרענעצן פונעם 1772 יאָר"; 2) איינשליסן מיט גוואלד אָדעס, וואָס האָט סאָף XVIII יאָרהונדערט געהערט נאָך צו די טערקן; 3) פארכאפן גאנץ ליטע; 4) פארכאפן א גרויסן טייל לעטלאנד (מיט דווינסק און ליבאווע).

[1] לעניג, ווערק, ב. V, ז. 342 (רוס.).

אזויווי דאָס איז ארויסגעגאנ ווײַטער פונ די אזויגערופענע „היסטאָרישע גרענעצנ“, אָדער „גרענעצנ פונעמ 1772 יאָר“, האָבנ די פוילישע אימפּעריאליסטנ צוגעטראכט א מער פּאסנדיקנ לאָזונג: „פוילנ פונ יאמ ביז יאמ“ (פונעמ באלטישנ ביזנ שווארצנ יאמ).

די פוילישע פּארכאפּערס האָבנ געבריִעט, אז עס זײַנענ נייטיק ניט נאָר „היסטאָרישע“, נאָר אויכ „נאטירלעכע“ גרענעצנ, וואָס זאָלנ צופירנ דעמ פוילישנ אימפּעריאליזמ צו די מערק פונ טערקיַי, איראנ אונ אינד. די דאָזיקע גרענעצנ האָבנ אויכ באדארפט פארפעסטיקנ פוילנס העגעמאָניע איבער די סלאווישע פעלקער פונעמ דאָרעמ-מיזרעכ פונ אייראָפּע.

אפ וויפל די דאָזיקע פּארכאפּערישע שטרעבונגענ פונ די פוילישע אימפּעריאליסטנ זײַנענ געווענ געריכטעט קעגנ דעמ לאנד פונ די ראטנ, זײַנענ זיי געשטיצט געוואָרנ אויכ פונ די מעלוכעס פונ דער אנטאנט, ווער שמועסט נאָכ, אז די פוילישע פּארכאפּערס זײַנענ נאָכנ קראָכ פונעמ עסטרײַכ-אונגארישנ אימפּעריאליזמ אריבערגעלאָפנ אפ דער זײַט פונ דעמ אנטאנטישנ אימפּעריאליזמ.

אונ ניט נאָר זיי זײַנענ געשטיצט געוואָרנ! די אנטאנט האָט אליינ אפ אלערליי אויפאנימ געגרייצט די פּארכאפּערישע אפּעטיטנ פונ די פוילישע רעגירנדיקע קרײַזנ, קעדיי צו שאפנ פונ פוילנ א בופער קעגנ דעמ לאנד פונ די ראטנ.

לענינ האָט געשריבנ: „פונ פוילנ האָט דער ווערסאלער שאָלעמ געשאפנ א מעלוכע-בופער, וואָס דארפ אָפּצאמענ דײַטשלאנד פונ א צוזאמענשטויס מיטנ סאָוועטישנ קאָמוניזמ אונ וואָס די אנטאנט באטראכט אימ ווי א געווער קעגנ די באָלשעוויקעס. מיט פוילנ אונ בא דער הילפ פונ פוילנ האָבנ די פראנצויזנ צו באקומענ צוריק יענע צענדליקער מיליארדנ האלוואָעס, וועלכע די צארישע רעגירונג האָט גענומענ“.[1]

אז איינצלנע פּאָליטישע טוער פונ דער אנטאנט (לאָיד דזשאָרדזש) האָבנ ארויסגעזאָגט איינציקע צווייפלענ וועגנ דער צוועקמעסיקייט צו געבנ פוילנ טעריטאָריעס מיט א פילצאָליקער ניטפוילישער אונ ביפראט דײַטשישער באפעלקערונג, האָבנ די פאָרשטייער פונ דער פראנצויזישער רעגירונג קלעמאנסאָ אונ טארדיע צוגעשיקט דער פאריזשער קאָנפע-

---

1 לענינ, ווערק, ב. XXV, ז. 401 (רוס.).

רענט פון די פארבינדעטע אין 1919 יאָר א נאָטע, אין וועלכער זיי האָבן געמאָלדן: „אויב די דאָזיקע לענדער, נעמלעך פוילן, טשעכיע, האָבן ביז אהער געגעבן א ווידערשטאנד דעם באָלשעוויזם, איז דאָס נאָר אדאנק דעם נאציאָנאלן געפיל. אויב עס וועט געטאָן ווערן א גוואלד־טאט איבער די דאָזיקע געפילן, וועלן זיי ווערן א רויב פונעם באָלשעוויזם, און דער איינציקער באריער, וואָס איז פאראן בא היינטיקן טאָג צווישן דעם רוסישן באָלשעוויזם און דעם דייטשישן באָלשעוויזם, וועט צעשטערט ווערן. די פאָליטיק פון דער פראנצויזישער רעגירונג באַשטייט, פארקערט, אין אנטשיידן העלפן די דאָזיקע יונגע פעלקער... אויב באַם אָפּטיילן די דאָזיקע יונגע פעלקער די גרענעצן, וואָס אָן זיי קאָנען זיי ניט עקזיסטירן, קומט אויס איבערצוגעבן דייטשישע באַפעלקערונג אונטער זייער הערשאפט, קאָן מען דאָס באַדויערן... נאָר אויסמיידן דאָס קאָן מען ניט". 1)

פון דעם, וואָס איז דאָ געזאָגט, איז צו זען, פארוואָס איז פוילן מיט דער הילף פון דער אנטאנט געשאַפן געוואָרן ווי א פ י ל נ א צ י אָ נ א ל ע מעלוכע אין דעם אויסזען, אין וועלכן זי האָט עקזיסטירט. קלעמאנסאָ האָט ציניש געערדט וועגן זיין פאָליטיק בענעגייע די גרענעצן פון פוילן, ווי וועגן א פאָליטיק צו שאפן א „סאניטארישן קאָרדאָן" ארום דער „באָלשעוויסטישער אָנשטעקעניש". די נייע פוילישע מעלוכע איז באטראכט געוואָרן ווי אן „אינטערווענציע־טויער" קעגן דעם ראטנלאנד.

די פוילישע אריסטאָקראטיע, וואָס האָט נאָך ביז דער ערשטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע פרידלעך און פריינטלעך זיך איינגעלעבט מיט די רעגירנדיקע קלאסן פון רוסלאנד, דייטשלאנד און עסטרייך און האָט געפּויזעט אפן בויך פאר די דינאסטיעס פון די ראָמאנאָווס, האָהענצאָלערנס און האבסבורגער און געפונען א געמיינזאמע שפראך מיט זיי אינעם אונטערדריקן זייער טאקע פויליש פאָלק, די דאָזיקע פוילישע אריסטאָקראטיע איז נאָך דעם, ווי די דאָזיקע דינאסטיעס זיינען אומגעשטירצט געוואָרן, געוואָרן די פאָן־טרעגערן פונעם פוילישן נאציאָנאליזם און אימפעריאליזם. ברענענדיק מיט שינע צו די ראטן, האָט די פוילישע אריסטאָקראטיע ניט אויפגעהערט צו פריידיקן א „קרייץ־צוג" קעגן די באָלשעוויקעס.

די כאראקטעריסטישע אייגנשאפט פון דער פוילישער אריסטאָקראַ־

---

.Tardieu, La paix, p. 126—128 1

מיט בעמעשעט די־ך גאנצער פּוילישער געשיכטע איז איר פּאַרקויפט־קייט. נאָך ענגעלס האָט אין זיין בריוו צו מאַרקסן פונעם 21 אַפּריל 1863 י. געשריבן: „קיין איין אַדלטום איז זיך נישט באַגאַנגען אַזוי נאַריש ווי די פּוילישע שליאַכטע, וואָס האָט זיך אײַנגעייגנט איין מאָל — זיך פּאַרקויפן...“ [1]

אין אַן אַנדער אָרט שרײַבט ענגעלס: „די אַריסטאָקראַטן האָבן אָפּגעפּעקט אומגעבראַכט פּוילן און אומגעבראַכט זי ענדגילטיק... און פּאַרקויפט זיך און זייער לאַנד צו די אויסלענדער“. [2]

מאַרקס און ענגעלס האָבן אין זייער צײַט אָפּגעגעבן דער פּוילישער פראַגע גרויס אויפמערקזאַמקייט, באַציִענדיק זיך מיט מיטגעפיל צו דער פּוילישער נאַציאָנאַל־באַפרײַערישער באַוועגונג. מאַרקס האָט אפילו געהאַלטן, אַז „...אָנגעהויבן פונעם 1789 י., קאָן מען די אינטענסיווקייט און לעבנספעיִקייט פון אַלע רעוואָליוציעס גאַנץ פּינקטלעך אויסמעסטן לויט זייער באַציִונג צו פּוילן.“ [3]

די קלאַסיקער פונעם מאַרקסיזם זײַנען הערבער אַרויסגעגאַנגען נישט נאָר פון די אינטערעסן פונעם פּוילישן פאָלק, נאָר אויך פון די אינ־טערעסן פונעם זיג פון דער דעמאָקראַטיע אין דײַטשלאַנד און אין רוס־לאַנד, וואָס זייערע רעגירונגען האָבן אונטערדריקט פּוילן.

ביים דער דײַטשישער רעוואָליוציע אינעם יאָר 1848 האָבן די קלאַ־סיקער פונעם מאַרקסיזם געשריבן: „...קאָלזמאַן מיר העלפן דריקן פּוילן, קאָלזמאַן מיר שמידן צו איין טייל פּוילן צו דײַטשלאַנד, ביז דעמלט בלײַבן מיר צוגעשמידט צו רוסלאַנד און צו דער רוסישער פּאָליטיק, ביז דעמלט קאָנען מיר נישט צעברעכן ביזן גרונט דעם פּאַטריאַרכאַל־פעאָדאַלן אַבסאָליוטיזם בא זיך אליין. דאָס ווידערופשטעלן א דעמאָ־קראַטישע פּוילן איז דער ערשטער באַדינג פאַרן ווידערופשטעלן א דעמאָקראַטיש דײַטשלאַנד“. [4]

אַרויסגייענדיק פון די דאָזיקע האַנאָכעם זייערע, האָבן מאַרקס און ענגעלס שאַרף קריטיקירט אין זייערע אַרטיקלען די פּאָליטיק פון די הערשנדיקע קלאַסן פון דײַטשלאַנד פון יענער צײַט. אַרויסגייענדיק

1 מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. XXIII, ז. 147 (רוס.).
2 דאָרטן, ב. XIII, ט. I, ז. 159.
3 דאָרטן, ב. XXII, ז. 165.
4 דאָרטן, ב. VI, ז. 384 — 383.

דערפון מאקע, האָבן זיי געשטיצט אין יענער צייט דעם געדאנק וועגן א מילכאָמע קעגן צאריזם, וואָס איז דעמלט געווען דער זשאנדארם פון אייראָפּע, האָט אונטערגעדריקט די פּאָליאקן, געשטיקט די אונגאַרישע רעוואָליוציע פון די יאָרן 1849 — 1848.

מארקס און ענגעלס האָבן זייער באציִונג צו דער פּוילישער נאציאָנאַל־באפרייערישער באוועגונג אײַנגעשטעלט, אזוי־ארום, אויסן שטאנדפּונקט פון די אינטערעסן פון דער אייראָפּייִשער רעוואָליוציע. זיי האָבן געקוקט אף די געשעענישן פון א גרויסן צווישנפעלקערלעכן היסטאָרישן.

שפּעטער ארום האָבן פיל בורזשואזע שרײַבער, צוזאמען מיט די אָפּאָרטוניסטן פון די סאָציאַל־דעמאָקראטן, אויסגענוצט די ארבעטן פון מארקס און ענגעלס, וואָס זײַנען אין 1848 יאָר געווען געווענדעט קעגן דער צארישער רעגירונג, קעדיי זיי אָנגעבן פאר אן ארויסטרעטונג קעגן רוסלאנד ביכלאל. די אָפּאָרטוניסטן האָבן באוווסטזיניק פארקריפּלט דעם מאָב פון דער דיאלעקטיק און פון דעם רעוואָליוציאָנערן אינטערנאציאָנאליזם בא מארקסן און ענגעלסן, וואָס האָבן געלייזט אלע פראגן, וועלכע האָבן א שײַכעס צו באציִונגען צווישן מעלוכעס און פעלקער, בא דער שײַן פון דער קלאסעווער באדײַטונג פון די דאָזיקע פראגן, בא דער שײַן פון די אינטערעסן פון דער רעוואָליוציע. אָט פארוואָס מארקס און ענגעלס האָבן דעמלט געשטיצט די פּוילישע נאציאָנאַל־באפרײַערישע באוועגונג קעגן רוסלאנד.

אָבער שטיצנדיק די פּאָליאקן, האָבן מארקס און ענגעלס געהאלטן, אז דער באדינג פאר אווירקלעכער נאציאָנאַל־באפרײַערישער באוועגונג קאָן זײַן בלויז אן אגראר־רעוואָליוציע אין פּוילן גופע. זיי האָבן געהאלטן, אז דער דאָזיקער אומשטאנד וועט האָבן א קאָלאָסאלע באדײַטונג פאר דער אנטוויקלונג פון דער דעמאָקראטישער רעוואָליוציע סײַ אין רוסלאנד, סײַ אין דײַטשלאנד.

אין זײַן רעדע אין 1848 י. וועגן דער פּוילישער פראגע האָט מארקס געבראכט אלס בײַשפּיל דעם קראקאָווער אופשטאנד אין יאָר 1846 און האָט געזאָגט: „די מענטשן, וואָס זײַנען געשטאנען אין דער שפּיץ פון דער קראקאָווער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, האָבן געהאט א טיפן איבערצײַגונג דערין, אז נאָר א דעמאָקראטיש פּוילן האָט געקאָנט זײַן אומאָפּהענגיק און אז א פּוילישע דעמאָקראטיע איז אומעגלעך אָן דעם אָפּשאפן די פעאָדאלע רעכט, אָן אן אגראר־באוועגונג, וואָס וואָלט פאר־

וואנדלט די ליבּייגענע פּויערים אין פרײַע אייגנטימער, אייגנטימער
הײַנטצײַטיקע".[1]

שפּעטער, אין 1851 יאָר, האָט ענגעלס אין א בריוו צו מאַרקסן
געשריבּן: „צום גליק האָבּן מיר אין דער „נײַער ריינישער צײַטונג"
ניט גענומען אפּ זיך בּענעגייע די פּאָליאקן קיינע שום באשטימטע היס־
כּײַוועסן, אויסער דער אומפאַרמײַדלעכער היסכּײַוועס אופצושטעלן אין
די אנטשפּרעכיקע גרענעצן, אי דאָס אויך באם מנײַ פון אן אגראר־
רעוואָליוציע. איך בּין אָבּער זיכער, אז די דאָזיקע רעוואָליוציע וועט
פאַרווירקלעכט ווערן אין דער פולער מאָס גיכער אין רוסלאַנד, איידער
אין פּוילן..."[2]

מאַרקס און ענגעלס האָבּן ניט געגרײַזט אין די פּאָרויסזעונגען
זייערע בּענעגייע רוסלאַנד. זיי זײַנען דערבּײַ ארויסגעגאנגען פון א גע־
נויעם אנאליז פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון רוסלאַנד, פונעם
אנאליז פון דעם קלאסנקאמף און פון יענע רעוואָליוציאָנערע פּאָרהאנאָ־
כעס, וואָס די דאָזיקע אנטוויקלונג האָט געשאפן. אפילע די ראָליע פון
די הערשנדיקע קלאסן אין רוסלאַנד איז, אָן זייער אייגענעם ווילן, גע־
ווען א מער פּראָגרעסיווע, ווי די ראָליע פון די הערשנדיקע קלאסן אין
פּוילן. דעריבּער טאקע האָבּן די פּוילישע הערשנדיקע קלאסן פאַרדינט
אזא שארפע אָפּשאצונג פון מאַרקסן און ענגעלסן.

די היסטאָרישע דערפאַרונג צווינגט די קלאסיקער פונעם מאַרקסיזם
קומען צו נאָך מער שארפע אויספירן וועגן דער ראָליע פון די הערשנ־
דיקע קלאסן אין פּוילן. די דאָזיקע אויספירן האָט ענגעלס פאָרמולירט
אין א בריוו צו מאַרקסן אינעם יאָר 1851. אין דעם דאָזיקן בריוו,
וואָס האָט איצט אן אקטועלן אינטערעס, פאַרגלײַכנדיק די היסטאָרישע
ראָליע פון פּוילן אונטער דער אָנפירונג פון אירע הערשנדיקע קלאסן
מיט דער היסטאָרישער ראָליע פון רוסלאַנד, קומט ענגעלס צו פאָלגנ־
דיקע אויספירן:

„וואָס מער איך טראכט וועגן געשיכטע, אלץ קלאָרער ווערט מיר,
אז די פּאָליאקן זײַנען — une nation foutue[3], וועלכע איז
נייטיק אלס א מיטל בלויז ביז יענעם מאָמענט, ביזוואנען רוסלאַנד

1 מאַרקס און ענגעלס, ווערק, ב. V, ז. 263 (רוס.).
2 דאָרטן, ב. XXI, ז. 211 (רוס.).
3 א טויגעניכטס א נאציע.

אליינ וועט ניט ארײַנגעצויגנ ווערנ אינ דער אגראר־רעוואָלוציע. פונ דעמ מאָמענט אָנ האָט די עקזיסטענצ פונ פוילנ אבסאָלוט קיינ שומ raison d'être[1]. די פּאָליאקנ האָבנ קיינמאָל ניט אויפגעטאָנ אינ דער געשיכטע קיינ שומ אנדער זאכ, אויסער דרייסטע שלעגערײַ־נארישקייטנ. מע קאָנ ניט אָנווײַזנ קיינ איינ מאָמענט, ווענ פוילנ, אפילע אינ פארגלײַכ מיט רוסלאנד, זאָל געווענ שפּילנ א פּראָגרעסיווע ראָליע אָדער זאָל ביכלאל האָבנ געטאָנ עפּעס־וואָס אזוינס, וואָס האָט א היסטאָרישע באדײַטונג. פארקערט, רוסלאנד שפּילט ווירקלעכ א פּראָגרעסיווע ראָליע בענעגייע דעמ מיזרעכ. ניט געקוקט אַפ איר נאָרעד־העסלעכקײַט אונ סלאווישער בלאָטע, שפּילט די הערשאפט פונ רוסלאנד א ציוויליזירנדיקע ראָליע פאר שווארצנ אונ פארנ קאספּישנ יאמ אינ פאר צענטראל־אזיע, פאר די באשקירנ אונ טאָטערנ; אונ רוסלאנד האָט אויפגענומענ אסאכ מער עלעמענטנ פונ בילדונג אונ באזונדערס עלעמענטנ פונ אינדוסטריע, ווי דאָס גאנצע, אליינ לויט זײַנ נאטור פּריציש־פוילע, פוילנ. די מײַלע פונ רוסלאנד איז שוינ דאָס אליינ, וואָס דער רוסישער אדל, אָנגעהויבנ פונעמ קייסער אונ פונעמ פירשט דעמידאָוו, אונ געענדיקט מיטנ סאמע לעצטנ באָיארינ, פונעמ פערצנטנ קלאס, וואָס פארמאָגט מער ניט ווי בלויז דעמ איידעלענ blaharodno שטאמ, פאבריצירט, ליווראנטעוועט, שווינדלט, נעמט כאבאר אונ מאכט אלע מעגלעכע קריסטלעכע אונ יִדישע געשעפטנ. די פּאָליאקנ האָבנ קיינמאָל ניט געקאָנט אסימילירנ פרעמדע עלעמענטנ. די דײַטשנ אינ די שטעט זײַנענ אונ בלײַבנ דײַטשנ. דאַנ ווענ יעדער רוסישער דײַטש איז אינ צווייטנ דאָר א לעבעדיקער בײַשפּיל דערפונ, וויאזוי רוסלאנד קאָנ רוסיפיצירנ די דײַטשנ אונ די יִדנ. בא די יִדנ וואקסנ אפילע דאָרט אויס סלאווישע באקנ־ביינער.

העלע בײַשפּילנ פונ פוילנס „אומשטערבלעכקײַט“ גיבנ די נאפּאָלעאָנישע מילכאָמעס פונעמ 1807 אונ 1812 י. אומשטערבלעכ איז בא די פּאָליאקנ נאָר זייער פּוסטע שלעגערײַ. דערצו נאָכ האָט דער גרעסטער טייל פוילנ, דאָס אזויגערופענע מײַרעוו־רוסלאנד, ד. ה. ביאלאָסטאָק, גראָדנע, ווילנע, סמאָלענסק, מינסק, מאָלעוו, וואָלינ אונ פּאָדאָליע, זינט דעמ 1772 יאָר, מיט אומבאדײַטנדיקע אויסנאמענ, רויק זיכ אונטערגעוואָרפנ דער הערשאפט פונ די רוסנ; ils n'ont pas bougé[2],

1 זינענ.

2 זיי האָבנ קיינ פּיפּס ניט געטאָנ.

מיטן אויסנאם פון אייניקע שטאָט־לייט און אדעליקע אין באזונדערע ערטער. א פערטל פוילן רעדט ליטוויש, א פערטל — רוסיניש, ניט קיין גרויסער טייל — האלב־רוסיש, און דער אייגנטלעכער פוילישער טייל איז אפּ א גוט דריטל גערמאניזירט". 1)

אז ענגעלס רעדט וועגן „א טויגעניכצ א נאציע" (nation foutue), מיינט ער מיט דעם אירע אָנפירער, וואָס האָבן גערעדט אין נאָמען פון דער נאציע, וואָס האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט איר. מארקס האָט אין אן אנדער אָרט אונטערגעשטראָכן: „שטעלט אוועק אפּן אָרט פון דעם רוסישן זעלבסטהערשער די פוילישע אריסטאָקראטן, וועט איר נאטוראליזירן דעם דעספּאָטיזם". 2)

מיט וואָס זיינען געווען כאראקטעריסטיש די „אָנפירער" פון דער פוילישער נאציע? מיט דעם, וואָס זיי האָבן ניט באוועגט פאָרויס די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג פונעם לאנד. זיי האָבן, הייסט עס, ניט געשפּילט קיין פּראָגרעסיווע ראָליע אין דער געשיכטע. זיי האָבן זיך פארנומען מיט „פּוסטער נייגונג צו שלעגעריי", און דערצו נאָך האָבן זיי זיך פארקויפט.

די היסטאָרישע ראָליע פון די רוסישע הערשנדיקע קלאסן, ווי עס איז שוין געווען אָפּגעמערקט פריער, איז געווען אן אנדערע, ווי די ראָליע פון די פוילישע הערשנדיקע קלאסן. אָביעקטיוו איז די דאָזיקע ראָליע געווען א פּראָגרעסיווע, וואָרעם אָן זייער ווילן האָבן זיי מיט־געהאָלפן ארויסצורוקן אפּ דער גנזעלשאפטלעכער ארענע יענע קלאסן־קויכעס, וואָס זיינען נאָכדעם געוואָרן די באגרעבער אי פונעם צאריזם, אי פון די פּריצים, אי פון דער בורזשואזיע.

ענגעלס האָט באגריסט דעם אָנוואקס פון די דאָזיקע קויכעס אין רוסלאנד אלס פארבינדערטע פונעם צווישנפעלקערלעכן פּראָלעטאריאט.

אין 1860 י. האָט ענגעלס געשריבן: „...מיר האָבן באקומען א פאר־בינדעטן אינעם רוסישן לייבייגענעם. דער קאמף, וואָס האָט זיך איצט צעפלאקערט אין רוסלאנד צווישן דעם הערשנדיקן קלאס און דעם פאר־שקלאפטן קלאס פון דער דאָרפישער באפעלקערונג, רייסט שוין איצט אונטער די יעסוידעס פון דער גאנצער סיסטעם פון דער רוסישער אויסערלעכער פּאָליטיק. די דאָזיקע סיסטעם איז מעגלעך געווען נאָר

---

1 מארקס און ענגעלס, ווערק, ב. XXI, ז. 210—211 (רוס.).
2 דאָרטן, ב. V, ז. 263.

ביז דעמאָלט, ביזוואַנענ אינ רוסלאַנד איז ניט געווענ קיינ אינערלעכע פּאָ=
ליטישע אנטוויקלונג. די דאָזיקע צײַט איז אָבער פֿאַרבײַ. די געשאַפֿענע
מיט די געמיינזאַמע אָנשטרענגונגענ פֿונ דער רעגירונג אונ פֿונ דער
דוואָריאַנסטווע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אונ אינדוסטריעלע אנטוויקלונג האָט
דערגרייכט אַזאַ שטופֿע, בײַ וועלכער די עקזיסטירנדיקע סאָציאַלע פֿאַר=
העלטענישנ קאָנענ שוינ מער ניט זײַנ. דאָס באַזײַטיקנ זיי איז, פֿונ
איינ זײַט, נויטווענדיק, אונ פֿונ דער אַנדערער זײַט — אומעגלעך אָנ אַ
צוואַנגס=ענדערונג". 1)

די גרויסע אָקטיאַבערישע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, אַ צוגע=
גרייטע דורכ דער גאַנצער פֿריערדיקער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג אינ
רוסלאַנד אונ מיטנ קלאַסנקאַמף פֿונעמ פּראָלעטאַריאַט, האָט ביזנ גרונט
ליקווידירט דעמ פּריצישנ דרוק. די אַגראַר=רעוואָלוציע איז דאָס מאָל
געגאַנגענ שוינ אָפּנ וועג פֿונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וואָס
האָט געבראַכט צו דער ליקווידאַציע פֿונ יעדערליי עקספּלואַטאַציע פֿונ
איינ מענטש דורכ דעמ אַנדערנ מענטשנ.

גאָר מיט אַנ אַנדער אנטוויקלונגס=וועג איז געגאַנגענ פּוילנ. די
הערשנדיקע קלאַסנ פֿונ פּוילנ — די אַריסטאָקראַטיע אינ דער ערשטער
ריי — האָבנ פֿאַרהאַלטנ איר אינדוסטריעלע אנטוויקלונג. געוואָרנ שפּע=
טער די באַלעבאַטים פֿונ דער „אומאָפּהענגיקער" פּוילנ, האָבנ זיי מיט
אַנ אַכזאָרישנ טעראָר קעגנ די פּויערים געווירקט קעגנ די ענדערונגענ
אינ דער אַגראַר=אָרדענונג.

די הײַנטצײַטיקע יאָרשים פֿונ דער אַלטער פֿאַרקויפֿטער אונ האָנאָ=
ריסטישער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע האָבנ פֿאָרגעזעצט די טראַדי=
ציעס פֿונ זייערע עלטערנ. זיי האָבנ געזאָרגט בלויז פֿאַר זייערע
קלאַסנ=אינטערעסנ, זיי זײַנענ פֿול געווענ מיט שרעק פֿאַר זייערע מאַ=
יאָנטקעס אונ פּריווילעגיעס. זיי האָבנ מוירע געהאַט פֿאַר די באָלשעווי=
קעס אונ סאָוועטנ, אונ פֿאַר דער שטיצע קעגנ זיי זײַנענ זיי גרייט גע=
ווענ צו פֿאַרקויפֿנ זיכ, וועמענ עס האָט זיכ געמאַכט.

זיי האָבנ ניט אויפֿגעהערט צו פֿרײַדיקנ וועגנ אַנ אינטערווענצ
קעגנ ססספ, האָבנ ניט באַהאַלטנ זייערע האָפֿענונגענ ווענ ניט איז צו=
ריק באַקומענ די מאַיאָנטקעס, וואָס די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט
בײַ זיי אָפּגענומענ.

1 מאַרקס אונ ענגעלס, ווערק, ב. XII, ט. I, ז. 246.

וואָס האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך די דאָזיקע מאַיאָנטקעס ? וועגן דעם רעדט מיילוויַז דער בריוו פון די קאָלווירטניקעס פון דעם ראַטנ־וויַסרוסלאַנד צום כאַווער סטאַלינען אין צוזאַמענהאַנג מיטן 15־טן יאָרטאָג פון ווססר.

„די פירשטן ראַדזיווילער, — האָבן די קאָלווירטניקעס געשריבן אינעם דאָזיקן בריוו, — האָבן בלויז אין מינסקער גובערניע פאַרמאָגט ביז 200 טויזנט דעסיאַטינעס ערד. און עס איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס שרייַט איצט אין פוילן דער פירשט ראַדזיוויל מיט אַזאַ ווילדן קאָל וועגן אַ נייַעם מאַרש קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד. גראַף טישקעוויטש האָט פאַרמאָגט 296 טויזנט דעסיאַטינעס, גראַף פּאָטאָצקי האָט געהאַט 240 טויזנט דעסיאַטינעס, גראַף טשאַפּסקי — 35467 דעסיאַטינעס, דער פּאַן סקיר־מונט 47 טויזנט דעסיאַטינעס, דער פּאַן פּוסלאָווסקי — 90 טויזנט דע־סיאַטינעס, דער פירשט דרוצקי־ליובעצקי — 23 טויזנט דעסיאַטי־נעס..." [1] א. א. וו.

די דאָזיקע געוועזענע פּריצישע ערד, וואָס איז איצט אַן אַלפאָלקיש אייגנטום, איז דורך דער סאָוועטישער מאַכט אָפּגעגעבן געוואָרן אַפּ אייביקן און אומזיסטיקן באַנוץ די קאָלווירטן פון וויַסרוסלאַנד. די דאָזיקע ערד, וואָס איז באַגאָסן געוואָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט מיטן שווייס און בלוט פון די וויַסרוסישע פּויערים, איז איצט די באַזע פון זייער וווילשטאַנד און בליִ.

אינגרעם אָבער האָבן אָט די אַלע ראַדזיווילער און פּאָטאָצקיס גע־שפּילט אין דער געוועזענער פּוילישער מעלוכע אַ גוואַלדיקע ראָליע.

לאָמיר נעמען, אַשטייגער, דעם פירשט יאַנוש ראַדזוויל. אַ זון פון דעם גרעסטן פּרייַסישן גומבאַזיצער, וואָס האָט געדינט דעם קייזער ווילהעלמען, איז יאַנוש ראַדזיוויל ביז דער ערשטער אימפּעריאַליסטי־שער מילכאָמע געווען ווייַט פונעם פּוילישן „פּאַטריאָטיזם" און האָט אויך געדינט דעם דייַטשישן קייזער אַלס אָפיצער פון דעם אימפּעראַ־טאָרס רייַטער־גוואַרדיע. קעדיי אופּצוהיטן די יערושע־רעכט אין רוס־לאַנד, איז יאַנוש ראַדזיוויל אַריבערגעגאַנגען צו דינען די ראָמאַנאָווס. נאָך דער אָקטיאַבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע גייט ער ווידער אַריבער צו דינען דעם קייזער ווילהעלמען און נאָך דעם ווי ווילהעלם איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן, ווערט יאַנוש ראַדזיוויל פאַרוואַנדלט אין אַ פּוילישן „פּאַטריאָט".

[1] „פּראַוודאַ", 11 יול 1935 י.

יאנוש ראַדזיווויל האָט געהאַט א קאָלאָסאַלע ווירקונג אַף דער גאַנצער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק פון פּוילן. ער איז געווען דער פירער פון די קאָנסערוואַטאָרן, וואָס זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אינעם רעגירונגס־בלאָק פון „די פּילסודסקיסטן. גראַדע אינעם נעסוויזשער שלאָס פון די ראַדזיווילער איז פּאָרגעקומען די באַראַטונג פון די פּויליש אַריסטאָקראַטן מיט פּילסודסקין. אַף דער דאָזיקער באַראַטונג איז צוגעזאָגט געוואָרן פּילסודסקין די שטיצע פון דער גרויסער ערדבאַזיצערישער אַריסטאָקראַטיע. יאנוש ראַדזיווויל איז געווען דער פּאָרזיצער פון דער קאָמיסיע פאַר אויסערלעכע איניאַנים אינעם סיים. ער האָט פּאַבריצירט „די געזעלשאַפטלעכע מיינונג". צוזאַמען מיט פּאָטאָצקין איז ער געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער פאַרשפּרייטער צײַטונג „טשאַס". ער איז אויך געווען דער באַזיצער פון די גרעסטע לאַטיפונדיעס אין מײַרעוו־אוקראַאינע און אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד (העכער 720 טויזנט האַ). בלויז אין דער איינער נאָוואָגרודער וואָיעוואָדסטווע האָט ער געהאַט 12 גיטער מיט אַן אַלגעמיינעם שעטעך פון 90 טויזנט האַ. 1) אָדער לאָמיר נעמען דעם גראַף פּאָטאָצקי. פון די באַריכטן אין דער פּאָלקס־פאַרזאַמלונג אין מײַרעוו־אוקראַאינע איז צו זען, אז דער גראַף פּאָטאָצקי האָט פאַרמאָגט גיטער אין 80 דערפער מיט א שעטעך פון 550 טויזנט האַ.

און עס איז נאַטירלעך, וואָס די אַלע ראַדזיווילער, פּאָטאָצקיס, זאַמויסקיס, סאַפּעגעס און זייער גלײַכן זײַנען געווען די אַקטיווע באַגײַסטערער פון דער אַנטיסאָוועטישער פּאָליטיק אין פּוילן.

* * *

די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פון דער געוועזענער פּוילישער מעלוכע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן פאַרכאַפּן אוקראַאינישע ערדן.

קימאַט באַלד נאָכן צעפאַלן פון דער עסטרײַך־אונגאַרישער מעלוכע האָט די אוקראַאינישע באַפעלקערונג פון דער פריערדיקער עסטרײַך־אונגאַרישער אימפּעריע געפּרוווט זעלבסטבאַשטימען זיך. אַלס אָנפירער איז דעמלט אַרויסגעטראָטן די אוקראַאינישע בורזשואַזנע־באַלע־

1 איצט, פאַרשטייט זיך, איז זײַן ערד צעטיילט געוואָרן דורך די פּויערים־קאָמיטעטן צווישן די פּויערים.

גופישע גאַליציאַנישע ראַדאַ, וועלכע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף די אוקראַינישע מיליטערישע טיילן, און דעם 1 נאָיאַבער 1918 יאָר האָט זי פאַרנומען לוואָוו.

די גאַליציאַנישע ראַדאַ, וואָס אין איר שפּיץ האָט זיך געשטעלט פּעטרושעוויטש, האָט פּראָקלאַמירט די „מיזרעך-אוקראַאינישע פאָלקס-רעפּובליק“, אין וועלכער עס זיינען אריינגעגאַנגען מיזרעך-גאַליציע, בוקאָווינע, קאַרפּאַטישע אוקראַינע.

אויב מע זאָל רעכענען די דירעקטאָריע, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט אין אוקראַינע און האָט געפירט אַ מילכאָמע קעגן די ראַטן, איז אין יענער צייט געווען צוויי אוקראַינישע „רעגירונגען“. זיי ביידע האָבן געקעמפט קעגן די אַרבעטנדיקע, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָדערונג וועגן ערד, מיט אַ פאָדערונג צו פאַרבעסערן די לאַגע. ביידע רעגירונגען זיינען ניט פייִק געווען צו לייזן די סאָציאַלע פאָדערונגען פון די מאַסן, און עס איז נאַטירלעך, וואָס ביידע זיינען געווען אין איין שרעק פאַר די ראַטן. אין דעקאַבער 1918 זיינען ביידע רעגירונגען גע-קומען אין פאַסטאָוו צו אַ פאַרשטענדיקונג וועגן אַ פאַראייניקונג. פּעט-רושעוויטשעס רעגירונג איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פונעם קאַנטישן צענטער פון דער „איינהייטלעכער אוקראַינע“.

דעם 5 פעוראַל 1919 האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען קיִעוו. די דירעקטאָריע איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן. נאָך דעם האָבן די רעדל-פירער פון דער געוועזענער מיזרעך-אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק פּראָ-קלאַמירט פּעטרושעוויטשן אַלס דיקטאַטאָר.

צו יענער צייט האָט פּוילן אָנגעהויבן איר אָנגריף קעגן אוקראַינע צוליב אירע, פּוילנס, „היסטאָרישע גרענעצן“. צוויי מאָל (אין מאַרט און אין מיי 1919 יאָר) האָט די ראַטן-רעגירונג פאָרגעלייגט פּעטרו-שעוויטשן אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם פראָנט קעגן די פּרעטענזיעס פון די פּאָליאַקן וועגן אוקראַינע. פּעטרושעוויטש האָט זיך געפּרוּווט ווענדן נאָך הילף צו דער אַנטאַנט און איר פאָרלייגן זיין דינסט אינעם קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס. די אַנטאַנט האָט אָבער געהאַט איר אַגענטור: פּוילן, קאָלטשאַק, דעניקין און אַנד. דעם 25 יוני 1919 י. האָבן די פאַרבינדעטע געענטפערט דער דעלעגאַציע פון דער מיזרעך-אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק, אַז די פּוילישע רעגירונג איז באַפול-מעכטיקט איינצושטעלן די אָרדענונג אין מיזרעך-גאַליציע. דערביי האָבן זיי צוגעזאָגט צו זיכערן אין זייער פאַרשטענדיקונג מיט פּוילן די

אווטאָנאָמיע פון מיזרעכ-גאַליציע. דערמיט אַליין האָבן די פאַרבינדעטע געשטיצט פוילנס שטרעבונגען צו פאַרכאַפן אוקראַינע. פון פראַנקרייך האָט מען אריבערגעוואָרפן די פּוילישע מיליטערישע טיילן „צו קעמפן מיטן באָלשעוויזם" אין מיזרעוו-אוקראַינע. אינגיכן איז גאַנץ מיזרעוו-אוקראַינע געוועזן פאַרכאַפּט פון די פּאָליאַקן.

דעם 10 נאָיאַבער 1919 י. האָט די קאָנפערענץ פון די געזאַנדטע פון די אַנטאַנט-מעלוכעס נאָכאַמאָל באַטראַכט די פראַגע וועגן מיזרעוו-אוקראַינע. די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט באַשטימט איבערצוגעבן די אוקראַינישע טעריטאָריע פון די פריערדיקע עסטרייכישע פּראָווינצן אונטער דער פאַרוואַלטונג פון פוילן אויף 25 יאָר. פוילן האָט זיך דערביי פאַרפליכטעט צו פאַרווירקלעכן איר מאַנדאַט אויף דער פאַרוואַלטונג איבער די אוקראַינישע ערדן אונטער דעם קאָנטראָל פון דער פעלקער-ליגע. אין דער באַשטימונג איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די אוקראַינישע ערדן דאַרפן בילדן אַן אַווטאָנאָמע געגנט, אַז די פּוילישע און אוקראַאינישע שפּראַכן וועלן האָבן גלייכע רעכט אין גאַליציע, אַז עס וועט ניט דערלאָזט ווערן צו קאָלאָניזירן מיזרעכ-גאַליציע מיט איבערוואַנדערער פון אַנדערע טעריטאָריעס, און אַז די אַמט-פּערזאָנען וועלן ווערבירט ווערן פון די איינוווינער פון מיזרעכ-גאַליציע.

עס איז באַקאַנט, אַז די אַלע דאָזיקע באַשלוסן זיינען קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אַזוי האָט אָנגעהויבן די פּוילישע „נאַציאָנאַלע" מעלוכע איר טעטי-קייט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער נאָך-מילכאָמעדיקער מאַרטיראָלאָג פון מיזרעוו-אוקראַינע אונטערן פּוילישן יאָך.

פוילן האָט אַרויסגעשטעלט אירע פּרעטענזיעס אויך אויף טעשין, וואָס האָט דעמלט שיר ניט געבראַכט צו קיין קאָנפליקט מיט טשעכאָסלאָוואַקיע. אין 1920 יאָר האָט די אַנטאַנט באַשלאָסן, אַז טעשינער געגנט וועט צעטיילט ווערן צווישן פוילן און טשעכאָסלאָוואַקיע. די הויפּט-שטאָט טעשין איז צעשניטן געוואָרן אויף צוויי טיילן.

* * *

די גאַנצע שאַרף פון זייערע פאַרכאַפּערישע שטרעבונגען האָבן די רעדלפירער פון פוילן דאָך געריכטעט אין דער זייט פון רוסלאַנד.

פילסודסקי האָט אינ זײנע פארצײכענונגענ פארעכנט פאר זיכ אלס א פארדינסט דאָס, וואָס ער האָט „...נאָכ אינעמ 1918 י., אומאָפהענגיקײט פונ קײנעמ, געשטעלט פאר זיכ א באשטימטנ ציל — א מילכאָמע מיט די סאָוועטנ". 1)

שוינ אינעמ 1919 י. האָט פוילנ אָנגעהויבנ אנ אָנגריפ אפ דער ראטנ־רעפובליק. דאָס איז געווענ דעמלט, ווענ די פארבינדעטע האָבנ אינ מײ 1919 י. אנערקענט קאָלטשאקנ אלס „הויפט פונ דער רוסישער מעלוכע", ווענ די ווײסגווארדײיִשע ארמײענ האָבנ אָנגעגריפנ אפ פעטראָגראד.

וואָס האָבנ די פוילישע פריצימ געוואָלט? דער זיגנ פונ זײער אָנגריפ איז אינ גרונט באשטאנענ אינעמ פארכאפנ ראטנ־אוקראינע אונ ראטנ־ווײסרוסלאנד. אינ 1920 י. האָבנ זײ אויכ געשטרעבט „...פאר דער הילפ, וואָס ווראנגעל האָט זײ געגעבנ, — העלפנ ווראנגעלנ צע־קלאפנ די רויטע ארמײ אונ אופצושטעלנ אינ ראטנ־רוסלאנד די מאכט פונ די פריצימ אונ קאפיטאליסטנ.

דער דאָזיקער פלאנ איז באוויליקט געוואָרנ פונ די אנטאנט־מעלו־כעס".2)

די סאָוועטישע רעגירונג, וואָס איז פארינטערעסירט אינ דער אנט־וויקלונג פונ דער סאָציאליסטישער בויונג, האָט ניט אײנ מאָל (דעמ 22 דעקאבער 1919 י., דעמ 28 יאנואר 1920 י., דעמ 2 פעוורא־ל 1920 י., דעמ 6 מארט 1920 י.) געפרוווט אײנצושטעלנ א שאָלעמ מיט פוילנ. 3) דאָס פוילישע הערשנדיקע קעפל האָט פאָרגעשטעלט די

---

1 פ י ל ס ו ד ס ק י, 1920 י., אויסגאבע פונעמ „וואָיעני וועסטניק", 1926, ז. 152.

2 געשיכטע פונ אלקפּ(ב), קורצער קורס, „גאָספּאָליטיזדאט", 1938, ז. 230 (רוס.).

3 „... 1) דער ראט פונ די פאָלקסקאָמיסארנ דערקלערט, אז די פאָליטיק פונ רספסר בענעגייע פוילנ, ארויסגײענדיק ניט פונ צופעליקע צײטווײליקע מילכאָמישע אָדער דיפ־לאָמאטישע קאָמבינאציעס, נאָר פונעמ פעסטנ פרינציפ וועגנ נאציאָנאלער זעלבסטבאשטי־מונג, האָט אבסאָליוט אונ אומבאדינגט אנערקענט אונ איצט אויכ די אומאָפ־הענגיקײט אונ די סוווערעניטעט פונ דער פוילישער רעפובליק. די דאָזיקע אנערקענונגען לײגט זי, פונעמ ערשטנ מאָמענט אָנ, זינט עס איז געשאפנ געוואָרנ די אומאָפהענגיקע פוילישע מעלוכע, אינעמ יעסאָד פונ אלע אירע באציִונגענ מיט פוילנ" (פונ דער דערקלע־רונג, וואָס דער ראט פונ די פאָלקסקאָמיסארנ פונ רספסר האָט געמאכט דער פוילישער רעגירונג אונ דעמ פוילישנ פאָלק, מאָסקווע, דעמ 28 יאנואר 1920 י.).

„... מיר, די פאָרשטײער פונ דעמ רוסלענדישנ ארבעטער־קלאס אונ פויערטומ, ווענדנ זיכ צו אײַכ מיט א פרידלעכנ וואָרט, קעדײ אופצודעקנ דעמ ליגנ אונ די רעכילעס

שאָלעמ־װענדונגען פֿון דער ראטנ־רעגירונג װי אנ „אױסדרוק פֿונ איר שװאכקײט“.

אנטװיקלענדיק זײַנ פּארכאפּערישע פּאָליטיק, האָט האָס פּױלישע הערשנדיקע קעפּל געשלאָסנ דעמ 21 אפּרעל 1920 יאָר אנ אָפּמאכ מיט פּעטליורענ, צוזאָגנדיק צו שאפֿנ א „זעלבשטענדיקע“ אוקראאינישע באַלעגופּיש־בורזשואזע מעלוכע. עס איז גאטירלעכ, אז די דאָזיקע „מעלוכע“ האָט געדארפֿט זײַנ אונטער פּױלנס העגעמאָניע אונ אינ איר באשטאנד. די פּאָליאקנ האָבנ דאָס אָנגעגעבנ װי א באנײַונג פֿונ דער טראדיציע פֿונ װלאדיסלאװ IV װעגנ שאפֿנ א פּױליש־ליטװיש־אוקראאינישנ טרײאליזמ. אזױ איז בײַ דער מיטהילף פֿונ די פּארעטער פֿונעמ אוקראאינישנ פֿאָלק — פֿונ די פּעטליוראָװצעס — האָבנ די פּאָליאקנ מיט א שװינדל געװאָלט צוציִענ אױף זײער זײַט האָס אוקראאינישע פֿאָלק אינעמ קאמף קעגנ די ראטנ.

בײַ דער דירעקטער מיטהילף פֿונ די פּעטליוראָװצעס האָבנ די פּאָליאקנ באַנײַט דעמ אָנגריף, אונ דעמ 6 מײַ 1920 י. האָבנ זײ פֿארכאפּט קיִעװ. אָבער שױנ אינ יול 1920 י., אונטער די קלעפּ פֿונ דער רױטער ארמײ, לױפֿנ די פּאָליאקנ פֿונ דער טעריטאָריע פֿונ דער סאָװעטישער אוקראאינע. אונ אינ יול טאקע, דאָס יאָר 1920, האָט דאָס סאָװעטישע מיליטער ארױסגעטריבנ די פּאָליאקנ פֿונ װילנע.

העמלט האָבנ זיכ אינ דער זאכ ארײַנגעמישט די באלעבאטימ פֿונ די פּױלישע פּריצימ. דעמ 12 יול 1920 י. האָט לאָרד קערזאָנ מיט א ספּעציעלער נאָטע געשטרעבט אײַנצוהאלטנ דעמ אָנגריף פֿונעמ ראטנ־

---

פֿונ אײַערע אונ אונדזערע פֿײַנט, קעדײ צוניִשט מאכנ די מיספֿארשטײעניש צװישנ דעמ רוסישנ אונ פּױלישנ פֿאָלק. מיט אונדזערע שאָלעמ־פֿאָרשלאגנ, װאָס זײַנעג געמאכט געװאָרנ דער פּױלישער רעגירונג, האָבנ מיר שױנ דערװיזנ אינ דער פּראקטיק, אז מיר שטרעבנ ניט צו דעראָבערנ פּױלנ, נאָר צו א שאָלעמ מיט דעמ... די רוסישע ארבעטער אונ פּױערימ האָבנ אנערקענט די אומאָפּהענגיקײַט פֿונ פּױלנ ניט אינ דער לעצטער רעגע, ניט װי א צײַטװײַליקע דיפּלאָמאטישע קאָמבינאציע, ניט אונטערנ דרוק פֿונ די מאָמענט־אומשטענדנ — די רוסישע ארבעטער האָבנ זיכ געאײַלט די ערשטע צו אנערקענענ די אומאָפּהענגיקײַט פֿונעמ פּױלישנ פֿאָלק, האָבנ זי אנערקענט אָנ קײנ שומ טנאָימ אונ אײנמאָל פֿאר אלע מאָל אונ האָבנ עס געטאָנ מיטנ באװוסטזײַנ, אז די אומאָפּהענגיקײַט פֿונ פּױלנ אנטשפּרעכט ניט נאָר אײַערע אינטערעסנ, נאָר אױכ אונדזערע“. (פֿונ דער װענדונג פֿונעמ אלרוסלענדישנ צענטראלנ אױספּיר־קאָמיטעט צומ פּױלישנ פֿאָלק, מאָסקװע, דעמ 2 פֿעװראל 1920 י.).

מיליטער קעגן די פּאָליאקן. אויב דער אָנגריף וועט ניט אָפּגעשטעלט ווערן, האָט קערזאָן געשריבן, „...וועט די בריטישע רעגירונג און אירע פאַרבינדעטע האַלטן פאַר זייער פליכט העלפן דער פוילישער נאַציע צו פאַרטיידיקן איר עקזיסטענץ מיט אַלע מיטלען, וואָס זיינען פאַראַן אין זייער רעשות.“ 1)

אַזוי האָבן פוילנס באַלעבאַטים זי באַשיצט פון די סאָוועטן. ס'איז באַוווּסט, אַז אין דער זעלבער צייט האָבן די פראַנצויזן באַזאָרגט מיט אַלע מעגלעכקייטן די פּאָליאַקן מיט מיליטער־מאַכשירים און מיט א קאָמאַנדירן־באַשטאַנד.

בלויז אין האַרבסט 1920 י. האָט בא די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך אַנטוישט אין דער מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן זייערע פּלענער, אָנגעהויבן זיך אָנמערקן טענדענצן צו שאָלעם.

וועלכע יעסוידעס האָבן באַדאַרפט זיין פאַרן שאָלעם?

דער ווציק האָט זיי פאָרמולירט אַזוי: „...דער ווציק האַלט, אַז אַלס יעסאָד פונעם שאָלעם דאַרף, ערשטנס, געלייגט ווערן, די באַלדיקע פּיַערלעכע באַשטעטיקונג, סיי מיצאַד פוילן און סיי מיצאַד רוסלאַנד, פון דער אומאָפּהענגיקייט פון אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד און ליטע און די אַנערקענונג פון דער אומאָפּהענגיקייט פון מיזרעך־גאַליציע; צווייטנס, סיי פוילן, סיי רוסלאַנד דאַרפן טייקעף אָפיציעל אַנערקענען, אַלס א פאָרם פונעם ווילן־אויסדרוק פון די אַנטשפרעכיקע נאַציעס, יענע מעלוכישע פאָרשטייערשאַפט־אינסטיטוציעס (סיימען, פאַרלאַמענטן אָדער ראַטן־צוזאַמענפאָרן), וואָס עקזיסטירן אין יעדערן פון די דאָזיקע לענדער. פון איר צאַד איז רספּסר, נעמענדיק אין אַכט, אַז אין מיזרעך־גאַליציע האָט זיך נאָך ניט איינגעשטעלט קיין ראַטן־אָרדענונג, גרייט מאַסקים צו זיין אַפ א פּלעביסציט אין דער דאָזיקער געגנט ניט לויטן סאָוועטישן פּרינציפּ, ד. ה. דורך דער אָפּשטימונג פון די אַרבעטנדיקע, נאָר לויטן געוויינלעכן בורזשואַזנ־דעמאָקראַטישן פּרינציפּ“. 2)

דאָס איז געווען באַדינגונגען פון א דעמאָקראַטישן שאָלעם.

---

1 פון דער ראַדיאָ־טעלעגראַמע פון דעם בריטישן סטאַטס־סעקרעטאַר פאַר אויסער־לעכע איניאָנים קערזאָן־אָפּ־קערלסטאָן פונעם 12 יולי 1920 י. אָפּגענאָמען פונעם פאָלקסקאָ־מיסאַר פאַר אויסערלעכע איניאָנים פון רספּסר.

2 „די באַשטימונגען און רעזאָלוציעס פון דער ווציק־סעסיע פונעם זיבעטן צונויפ־רופ“, מעלוכע־פאַרלאַג, 1920, אַרטיקל 72 (רוס.).

דעם 12 אָקטיאַבער 1920 י. איז געשלאָסן געוואָרן א וואַפן־שטילשטאַנד. אָנשפּאַרנדיק זיך אויף זײַנע באַשיצער, האָט פּוילן דאָך אָפּגעוואָרפן די פאָרשלאָגן פון די ראַטן וועגן א דעמאָקראַטישן שאָלעם. זײַנע פּאַרטאַפּעריש טענדענצן האָבן זיך אַרויסגעוויזן באַם אונטערשרײַבן דעם שאָלעם, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין מאַרט 1921 י. אין ריגע.

דאָס אַרטיקל 3 פונעם ריגער אָפּמאַך, דאָס יאָר 1921, האָט אײַנגעשטעלט: „רוסלאַנד און אוקראַינע זאָגן זיך אָפּ פון יעדער רעכט און פּרעטענזיעס אויף די ערדן, וואָס ליגן מײַרעוו־צו פון דער גרענעץ, וואָס איז באַשריבן אינעם אַרטיקל 2 פונעם דאָזיקן אָפּמאַך", ד. ה. פון מײַרעוו־אוקראַינע און מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד.

אין די באַדינגונגען פון יענער צײַט איז די ראַטנמאַכט, וואָס האָט דערצו נאָך אָנגעשטרענגט אַלע קוױכעס אויף צו צעקלאַפּן פּוילנס פאַרבינדעטן — וראַנגעלן, געווען געצוווּנגען אײַנצוגיין אויף דעם, זי זאָל אָפּטרעטן פּוילן די טעריטאָריעס פון מײַרעוו־אוקראַינע און מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד.

„...ווײַסנדיק, — האָט לענין אָנגעוויזן אָנהייב אָקטיאַבער 1920 י., — אַז די פּוילישע מילכאָמע איז נאָענט פאַרבונדן מיט דער גאַנצער לאַגע פונעם צווישנפעלקערלעכן אימפּעריאַליזם, זײַנען מיר געגאַנגען אויף די גרעסטע האַנאָכעס, אַבי נאָר צו באַפרײַען פון איר שווערקײַט די אַרבעטער און די פּויערים" 1).

* * *

צי האָט זיך פּוילנס ראָליע געענדערט נאָכן ריגער שאָלעם? עס הייבט זיך גיט אָן.

די הערשנדיקע קלאַסן פון פּוילן האָבן אויך נאָכן ריגער שאָלעם זיך באַטייליקט אין אַלע אַנטיסאָוועטישע קאָמבינאַציעס, האָבן פאַרוואַנדלט פּוילן אין א קאָנטררעוואָליוציאָנערן פּלאַצדאַרם קעגן ססר.

דער פּוילישער מיליטערישער שטאַב האָט באַ דער שטיצע פונעם פראַנצויזישן און ענגלישן שטאַב אָרגאַניזירט אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע דיווערסיעס און אָנפאַלן פון סאַווינקאָוס, בולאַט־באַלאַכאָוויטשעס, טיוטיוניקס און אַנדערע באַוואָפנטע באַנדעס.

1 לענין, ווערק, ב. XXV, ז. 405 (רוס.).

פוילנ האָט פארברייטערט די פארכאפונג־פאָליטיק. נאָכ דעמ 7 אָקיאטעבער 1920 י. איז צווישנ פוילנ אונ ליטע בא דער פארמיטלונג פונ דער צווישנפארבאנדישער מיליטער־קאָמיסיע אינ סוואלקי געשלאָסנ געוואָרנ א פארשטענדיקונג. נאָר שוינ אינ צוויי טעג ארומ, דעמ 9 אָקטיאבער 1920 יאָר, איז דורכ דעמ באנדיטישנ אָנפאל פונעמ גענע־ראל זשעליגאָווסקי, לויט דער אינסטרוקציע פונ פילסודסקינ אליינ, ווילנע פארכאפט געווענ פונ די פאָליאקנ. 1)

פונ דעמלט אָנ איז ווילנע, אינ מעשעכ פונ 19 יאָר, געווענ אונטער פוילנס אָקופאציע. 2)

דער ווערסאלער שאָלעמ־אָפמאכ, וואָס איז אונטערגעשריבנ געוואָרנ דעמ 28 יונ 1919 י., האָט גערעדט וועגנ פוילנס זעלבשטענדיקייט, וועגנ זייגע מערעוו־גרענעצנ אפנ כעזשבנ פונ דייטשלאנד (די געוועזענע פרייסישע פראָווינצנ אונ אנד.). ער האָט אָבער ניט איינגעשטעלט די מיזרעכ־גרענעצנ פונ פוילנ. אונ אינעמ סענ־זשערמענער אָפמאכ פונעמ 10 סענטיאבער 1919 י. (וואָס האָט אויסגעפורעמט דעמ צעפאל פונ עסטרייכ־אונגארנ) איז גאָרניט געזאָגט געוואָרנ וועגנ די רעכט פונ פוילנ אפ מערעוו־אוקראינע. ערשט אינ מארט דעמ 1923 י. האָט דער אויבער־ראט פונ דער אנטאנט, אלס באלוינונג פאר פוילנס מארשנ קעגנ דעמ ראטנלאנד, באשטעטיקט די מיזרעכדיקע גרענעצנ פונ פוילנ אונ האָט סאנקציאָנירט, אזוי־ארומ, אלע זיינע פארכאפונגענ.

די דאמאלטיקע האָט דעמלט מאקע אויסגעדריקט איר פראָטעסט קעגנ דער דאָזיקער פאָליטיק פונ דער אנטאנט, וועלכע האָט אָפגעגעבנ די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטנ אפנ ווילקיר פונ דעמ פריצישנ פוילנ. די אנטיסאָוועטישע פאָליטיק פונ דער געוועזענער פוילישער רעגירונג

---

1 אינ יאנואר 1919 י. איז ווילנע געווענ דער צענטער פונ דער ליטוויש־ווייסרוסי־שער ראטנרעפובליק. סאָפ אפרעל 1919 י. האָבנ די פאָליאקנ פארכאפט ווילנע אונ האָבנ פארניכטעט די ראטנמאכט אינ ליטע. די אָקופאציע פונ די פאָליאקנ אינ ווילנע האָט גע־דויערט ביז יול 1920 י., ווענ די רויטע ארמיי האָט פארנומענ ווילנע. דעמ 12 יול 1920 י. האָט רספסר געשלאָסנ א שאָלעמ־אָפמאכ מיט ליטע אונ האָט איר איבערגעגעבנ ווילנע, וואָס איז געווענ אונטער דער ליטווישער פארוואלטונג, ביז די באנדיטנ פונעמ גענעראל זשעליגאָווסקי האָבנ זי פארכאפט.

2 אפנ סמאכ פונעמ אָפמאכ וועגנ קעגנזייטיקער הילפ, וואָס איז געשלאָסנ געוואָרנ צווישנ פססר אונ ליטע דעמ 10 אָקטיאבער 1939 י., זיינענ די באפרייטע דורכ דער רויטער ארמיי שטאָט ווילנע אונ ווילנער געגנט ווידעראמאָל איבערגעגעבנ געוואָרנ צו ליטע.

 634—3

ווערט נאָך אגרעסיווער נאָך דער מײַ־איבערקערעניש פֿון פּילסודסקין אין יאָר 1926. די רעגירונג פֿון דער פּוילישער מעלוכע שטעלט זיך נאָך אנטשלאָסענער אװעק אין די רייען פֿון די הויפּטאָרגאניזאטאָרן פֿון א נײַער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע און פֿון א נײַעם מאַרש קעגן ססר.

די פּראָוואָקאציעס קעגן די ראטן קומען פֿאָר איינע נאָך דער אנדערער. דאָס ווערט כאראקטעריזירט סײַ מיטן נידערטרעכטיקן מאָרד פֿונעם כ' וואָיקאָוו אינעם 1927 י., סײַ מיטן פּראָטעזשירן אָפּן די ווײַסגווארדייִשע אָרגאניזאציעס און זייערע אנטיסאָוועטישע מאכינאציעס. בלויז די אומגעוואקלטע שטרעבונג פֿון דער ראטן־רעגירונג אָפּצוהיטן דעם שאָלעם און די אינטערעסן פֿון פֿארשטארקן די סאָציאליסטישע בויונג האָט דערלויבט ניט געבראכט צו קיין מילכאָמע־קאָנפליקטן.

אינעם קאמף קעגן די ראטן זײַנען די רעדלפֿירער פֿון דער פּוילישער מעלוכע געווען גרייט צו אָריענטירן זיך אף ווער עס ניט איז. ווי באוווּסט, האָט פּוילן פֿריער זיך אָריענטירט דערהויפּט אף פֿראנקרײַך. אין דער הינזיכט איז באלערנדיק אויך א רײ מיליטערישע פֿארשטענדיקונגען, וואָס האָבן פֿארויסגעזען מיליטערישע הילף פֿאר פּוילן מיצאד פֿראנקרײַך אין פֿאל פֿון א מילכאָמע מיט ססר (די מיליטער־פֿארשטענדיקונג פֿונעם 19 פֿעווראל 1920 י., פֿונעם 22 פֿעווראל 1921 י., פֿונעם 15 סעפּטיאבער 1922 י., פֿונעם 12 מײַ 1923 י., פֿונעם 16 אָקטיאבער 1925 י.).

אז מיטן קומען צו דער מאכט פֿון דעם נאציאָנאל־פֿאשיזם אין דײַטשלאנד האָט זיך געדרוכט, אז גראָדע דײַטשלאנד קאָן ווערן א קעגנער פֿון די ראטן, האָבן די רעדלפֿירער פֿון דער פּוילישער מעלוכע געווענדעט אף איר זייער אָריענטאציע.

סטאלין האָט אפֿן XVII פּארטיי־צוזאמענפֿאָר געוואָרנט, אז „אומדערוואַרטקײַטן און זיגזאגן פֿון דער פּאָליטיק, אשטייגער אין פּוילן, ווו די אנטיסאָוועטישע שטימונגען זײַנען נאָך שטארק, דארף מען ווײַט נאָך ניט רעכענען פֿאר אויסגעשלאָסן". 1)

די דאָזיקע זיגזאגן פֿון דער פּוילישער אויסערלעכער פּאָליטיק האָבן זיך ארויסגעוויזן נאָך אלץ שארפֿער, וואָס מער עס זײַנען פֿארבעסערט

1 סטאלין, „פֿראגן פֿון לעניניזם", 11־טע אויסגאבע, ז. 435 (רוס.).

געוואָרנ די באַציִונגענ צווישנ פססר, פראַנקרײַכ, טשעכאָסלאָוואַקיע, רומעניע. דעמ 26 יאַנוואַר 1934 י. האָט פוילנ, פאַרהאַלטנדיק איר פאַרבינדעטנ פראַנקרײַכ, געשלאָסנ מיט דײַטשלאַנד „אַנ אָפּמאַכ ווענג ניט אָנפאַל". דער אויסערנ־מיניסטער פונ פוילנ בעק איז, ווי א „קאָמי־וואָיאַזשאָר" פונ דער צווישנפעלקערלעכער רעאַקציע, אונ אינ דער ערשטער ריי פוילנס, אַרומגעפאָרנ איבער די הויפטשטעט פונ אייראָפּע, קעדיי צונויפשלאָגנ אַנ אַנטיסאָוועטישנ בלאָק.

איינציַיטיק איז פוילנס אַגרעסיע געריכטעט געווענ אויכ אינ דער זײַט פונ טשעכאָסלאָוואַקיע. אויסגענוצט די שווערע לאַגע פונ טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס איז געלאָזט געוואָרנ אָפּ העפקער פונ פראַנקרײַכ אונ ענגלאַנד, האָט פוילנ פאַרכאַפּט דעמ טייל טעשינ, וואָס האָט געהערט צו טשעכאָסלאָוואַקיע.

די היציק־קריגערישע פוילישע פריצימ האָבנ ווידער אָנגעהויבנ דראָענ ליטע. נאָר ווי עס האָט ווענג דעמ געשריבנ דער אָרגאַנ פונ דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אינ פראַנקרײַכ „פאָפּולער", „... רעקאָמענדירט דער ראַטנפאַרבאַנד פוילנ ניט אָנצווענדנ קיינ קראַפט אונ ער לאָזט פאַר זיכ פרײַע הענט אינ פאַל פונ א באַוואָפנטנ אָנפאַל אָפּ ליטע. די דאָזיקע מעלדונג אונ די דאָזיקע וואָרענונג־באַמערקונג האָבנ אָפּגעשפילט זייער ראָליע אונ האָבנ געבראַכט דערצו, וואָס דער פוילישער אולטימאַטומ איז צונויפגעשטעלט געוואָרנ אינ מער איַנגעהאַלטענע אויסדרוקנ". 1)

פוילנס הערפירער האָבנ אַלע זייערע קאָמבינאַציעס אינ דער אויסערנ־פאָליטיק געבויט אָפּ זייער „אַנטיסאָוועטישע טרומפּ". אַז עס איז קלאָר געוואָרנ, אַז דײַטשלאַנדס פאָדערונג אומצוקערנ איר דאַנציג קאָנ ניט געלייזט ווערנ אָפּנ „כעזשבנ פונ די באָלשעוויקעס", ווי די רעדלפירער פונ דער געוועזענער פוילישער מעלוכע האָבנ געטרוימט, — האָבנ זיי זיכ א וואָרפ געטאָנ צו זוכנ שטיצע בא די ענגלישע הארטקעפּיקע (קאָנסערוואַטאָרס), וואָס האַסנ דעמ פססר.2)

---

1 „איזוועסטיִא" פארנ 27 מאַרט 1938 י.

2 דער גענעראַל פולער אינ זײַנ אַרטיקל אינ „אַרמי אָרדנענס" זאָגט, אַז דער גאַראַנטיע־אָפּמאַכ צווישנ ענגלאַנד אונ פוילנ איז געווענ א פּאָשעטער האַנדל־געשעפט. מע האָט פוילנ צוגעזאָגט א קרעדיט פונ 30 מיליאָנ פונט סטערלינג, פאַר וועלכע עס דאַרפּ קויפנ פאַרעלטערט געווער אינ ענגלאַנד (זע „פּראַוודאַ" פאַרנ 8 אָקטיאַבער 1939 י.).

אין דער פּויליש־דײַטשישער מילכאָמע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָנגעהויבן, האָבן געקראַכט אַלע אַנטיסאָוועטישע מזרחדיקע פון די רעדל־פירער פון דער געוועזענער פּוילישער מלוכה, עס האָט אויך געליטן א קראַך די פּוילישע מלוכה זעלבסט.

אונטערפירנדיק א כאַכאַקל דעם קורצן היסטאָרישן איבערבליק, דאַרף מען אָפּצייכענען:

1. בײַ דער דירעקטער שטיצע פון פראַנקרײַך און ענגלאַנד האָט פּוילן מיט גוואַלד אונטערגעוואָרפן אונטער זיך א ריי נאַציאָנאַליטעטן, און באַזונדערס אוקראַאינער און ווײַסרוסן, און איז געוואָרן א פּילנאַציאָנאַלע מלוכע.

2. בײַ דער דירעקטער שטיצע פון די אימפּעריאַליסטן פון פראַנק־רײַך און ענגלאַנד איז פּוילן געוואָרן א קאָנטררעוואָליוציאָנערער ביפּעד קעגן פּססר.

## קאַפּיטל III

# די אינערלעכע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון דער געוועזענער פּוילישער מלוכע

די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק אינעווייניק אין פּוילן איז, ווי זײַן אויסער־לעכע פּאָליטיק, געריכטעט געווען דורך די זעלבע קלאַסן: דורך די גוטבאַזיצער און גרויסבורזשואַזיע. די דאָזיקע פּאָליטיק האָט געהאַט א בוילעט אויסגעשפּראָכענעם אַנטיסאָוועטישן כאַראַקטער.

דער ריגער שאָלעם אין 1921 י. האָט אײַנגעשטעלט א גרענעץ צווישן פּססר און פּוילן אַף א שעטעך פון 1412 קמ. (25,5% פון אַלע פּוילנס גרענעצן). די מיזרעכדיקע ראַנד־קאַנטן, וואָס זײַנען בײַ־פעלקערט דערהויפּט מיט אוקראַאינער און ווײַסרוסן, האָבן באַטראָפן בײַ 200 טויזנט קמ$^2$ פון די 388,6 טויזנט קמ$^2$, וואָס דאָס געוועזענע פּוילן האָט געהאַט. אַליין די פּאָליאַקן האָבן אין דער געוועזענער פּויל־שער מלוכע באַטראָפן בלויז 60 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. די איבעריקע 40 פּראָצענט זײַנען געווען ניט קיין פּוילישע נאַציאָנאַלי־טעטן, וואָס פון זיי זײַנען געווען אוקראַאינער בײַ 8 מיליאָן און ווײַס־רוסן — 3 מיליאָן.

מע דאַרף נאָך דערצו נעמען אין אַכט די מאַכינאַציעס און פעל־שונגען פון דער פּוילישער סטאַטיסטיק, וואָס זײַנען געריכטעט געווען

אפ צו פארגרעסערנ קינסטלעכ די צאָל פונ דער פוילישער באפעלקערונג. אזוי האָט מענ, אשטייגער, די אוקראַיִנער־קאטוילנ אונ אוניאַטנ אָפּט צוגערעכנט צו די פּאָליאקנ.1)

די פּוילישע מעלוכע, אלס א קאפּיטאליסטישע פילנאציאָנאלע מעלוכע, האָט גלײַכ בא איר געבוירנ ווערנ געטראָגנ אינ זיכ א קרענק, וואָס האָט זי צעגעסנ אונ זי געפירט צו איר קראַכ.

פאָרמעל האָט מענ אפילע ארויסגעוויזנ אייניקע „זאָרג“ פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטנ. זייער רעכט, אשטייגער, זײַנענ אויסגערעדט געווענ אינעמ ווערסאלער אָפּמאַכ. לויט די ארטיקלענ 86 אונ 93 פונעמ ווערסאלער אָפּמאַכ, האָט פּוילנ גענומענ אפ זיכ צו זיכערנ אפ איר טעריטאָריע די גלײַכע מיט די פּאָליאקנ רעכט פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטנ.

דעמ 28 יונ 1919 האָבנ די „גרויסע“ מעלוכעס אונטערגעשריבנ מיט פוילנ אנ אָפּמאַכ וועגנ דער שוצ פונ די נאציאָנאלע מינדערהייטנ.

אינ העסקעמ מיט דעמ אָפּמאַכ, האָבנ די נאציאָנאלע מינדערהייטנ געדארפט האָבנ, גלײַכ מיט דער הערשנדיקער נאציע, פּאָליטישע רעכט, גלײַכע רעכט אפ צו פארנעמענ א פּאָסטנ אפ א מעלוכע־שטעלע. עס איז זיי גאראנטירט געווענ די רעכט צו נוצנ די מוטערשפּראַכ אינ געזעלשאפטלעכע אנשטאלטנ, אָרגאניזאציעס אאזוו.

די פראגע וועגנ אנ אווטאָנאָמיע פאר דער געוועזענער גאליציע, ווי עס איז שוינ באמערקט געווענ פריִער, איז געלייזט געוואָרנ אויכ דעמ 15 מארט 1923 י. אפ דער זעלביקער זיצונג פונעמ אויבער־ראט פונ דער אנטאנט, אפ וועלכער עס איז באשטימט געוואָרנ די מיזרעכ־גרענעצנ פונ פוילנ. אינ דעמ דאָזיקנ באשלוס ווערט אונטערגעשטראָכנ, אז „פּוילנ האָט אנערקענט, אז די עטנאָגראפישע באדינגונגענ אינ מיזרעכ־גאליציע פאָדערנ פאר איר א רעזשימ פונ אווטאָנאָמיע“. ווײַטער ווערט אָנגעוויזנ, אז פּוילנ האָט זיכ פארפליכטעט צו געבנ די נאציאָ־

1 לויט דער פוילישער אָפיציעלער סטאטיסטיק, וואָס איז אָפּגעדרוקט געווענ אינ קליינעמ סטאטיסטישנ יאָרבוכ, האָט די באפעלקערונג אינ פוילנ אינ 1931 י. באטראָפנ 31915,8 טויזנט מענטשנ. פונ זיי האָבנ אָנגעוויזנ זייער מוטערשפראַכ: פּויליש — 21993,4 טויזנט מענטשנ אוקראַיִניש (אונ רוסיש) — 4441,6 טויזנט; ווײַס־רוסיש — 989,9 טויזנט; רוסיש — 138,7 טויזנט; דײַטש — 741 טויזנט; ייִדיש — 2732,5 טויזנט; אנדערע שפּראַכנ — 878,6 טויזנט („Petit annuaire statistique de la Pologne“, 1938, p. 22)

גאַלע מינדערהייטן ספּעציעלע גאַראַנטיעס פאַר דער אַנטוויקלונג פון זייער מוטערשפּראַך אאַזוו.

די רעכט פון די אוקראַינער און ווייסרוסן זיינען אַרומגערעדט געוואָרן אויך אינעם ריגער אָפּמאַך פונעם 1921 י., וואָס לויט אים איז די ראַטן־רעגירונג געצוווּנגען געווען זיך אָפּצוזאָגן פון מיזרח־אוקראַינע און מיזרח־ווייסרוסלאַנד.

אזוי האָט דאָס אַרטיקל 7 פונעם ריגער אָפּמאַך איינגעשטעלט:

„פּוילן גיט די פּערזאָנען פון דער רוסישער, אוקראַינישער און ווייס־רוסישער נאַציאָנאַליטעטן, וואָס געפינען זיך אין פּוילן, אַפּן יעסאַד פון גלייכבאַרעכטיקונג פון די נאַציאָנאַליטעטן, אַלע רעכט, וואָס זיכערן די פרייע אַנטוויקלונג פון דער קולטור, שפּראַך און פונעם אויספילן די רעליגיעזע ריטואַלן. קעגנזייטיק זיכערן רוסלאַנד און אוקראַינע די פּער־זאָנען פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס געפינען זיך אין רוס־לאַנד, אוקראַינע און אין ווייסרוסלאַנד, די אַלע זעלבע רעכט.

די פּערזאָנען פון דער רוסישער, אוקראַינישער און ווייסרוסישער נאַציאָנאַליטעטן אין פּוילן האָבן דאָס רעכט, אין די גרענעצן פון דער אינערלעכער געזעצגעבערײַ, צו קולטיווירן זייער מוטערשפּראַך, אָרגאַ־ניזירן און שטיצן זייערע שולן, אַנטוויקלען זייער קולטור און בילדן צוליב דעם געזעלשאַפטן און פאַרבאַנדן. די זעלבע רעכט, אין די גרענעצן פון דער אינערלעכער געזעצגעבערײַ, וועלן האָבן די פּערזאָנען פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס געפינען זיך אין רוסלאַנד, אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד".

ווי עס איז באַוווּסט, האָבן די פּאָליאַקן אין פּסםר ווירקלעכע נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס דרינגט אַרויס פון די פּרינציפּן פון דער לענין־סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. גאָר אַנ אַנדערע איז געווען די לאַגע פון די רוסן, אוקראַינער און ווייסרוסן אין פּוילן.

אַלע אָפּמאַכן פון פּוילן, וואָס האָבן אַ שייכעס צו די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, זיינען אַזוי־אַרום געווען פאַרפליכטונגען, וואָס האָבן גע־האַט אַ צווישנפעלקערלעכע באַדייטונג.

די דאָזיקע פאַרפליכטונגען האָבן געהאַט זייער אויסדרוק אויך אין דער ערשטער פּוילישער קאָנסטיטוציע. אזוי האָט דאָס אַרטיקל 109 פון דער פּוילישער קאָנסטיטוציע פונעם 17 מאַרט 1921 י. געזאָגט, אַז באַנאַנד מיט אַנדערע גאַראַנטיעס, „זיכערן ספּעציעלע געזעצן פון דער מעלוכע פאַר די מינדערהייטן אין דער פּוילישער מעלוכע אַ פולע און

פרייע אנטוויקלונג פון זייערע נאציאָנאלע באזונדערקייטן דורך דער הילף פון אווטאָנאָמע פארפאנדן פון די מינדערהייטן, וואָס האָבן אַן עפנטלעך־רעכטלעכן כאראקטער אין די ראמען פון דער אלגעמיינער זעלבסטפארוואלטונג".

אזויארום, איז יורידישע צווישנפעלקערלעכע און אינערלעכע אקטן, וואָס האָבן א שייכעס צו די רעכט פון די נאציאָנאלע מינ־דערהייטן, געווען אין פוילן אסאך. אָבער קיין איינער פון זיי איז ניט רעאליזירט געוואָרן. די רעגירונג פון דער געוועזענער פוילישער מעלוכע האָט קיינמאָל ניט אויסגעפילט די פארפליכ־טונגען, וואָס זי האָט גענומען אף זיך בנוגע די נאציאָנאלע מינדערהייטן.

מע דארף אויך אונטערשטרייכן, אז אין דער דאָזיקער פּאָליטיק אירער בנוגע די נאציאָנאלע מינדערהייטן, האָט די געוועזענע פוילישע מעלוכע שטיצע באקומען מיצאד די אנטאנט־מעלוכעס, וואָס האָבן אַליין אונטערגעשריבן די פארשטענדיקונג מיט פוילן וועגן גאראנטיעס פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטן.

די אנטאנט־מעלוכעס האָבן אוועקגעשטעלט פוילנס צווישנפעלקער־לעכע פארפליכטונגען בנוגע די ניט־פוילישע נאציאָנאליטעטן אונ־טער דעם קאָנטראָל פון דער פעלקער־ליגע, אין וועלכער פראנקרייך און ענגלאנד האָבן, ווי באוווסט, געשפילט די דאָמינירנדיקע ראָליע. עס איז געווען פארויסגעזען, אז די אָנקלאָגעס פון די אומצופרידענע נאציאָנאליטעטן וועלן דארפן געשיקט ווערן אין דער פאָרם פון פעטיציעס אין דער פעלקער־ליגע, וואָס זי וועט זיי טאקע לייזן.

הערביי דארף מען אָבער באמערקן, אז די פעטיציעס, וואָס זיינען געווען געווענדעט צו דער פעלקער־ליגע, האָבן אין הסכם מיט דער באשטימונג פונעם ליגע־ראט פארן 5 סעפטעמבער 1923 י. געדארפט: 1) ניט ווידערשפרעכן די פאראנענע אָפמאכן; 2) ניט שטעלן די פראגע וועגן צערייסן די פּאָליטישע פארבינדונגען מיט דער מעלוכע, אין וועלכער עס לעבן די נאציאָנאלע מינדערהייטן (ד. ה. עס איז פאָרויס פארפעסטיקט געוואָרן די אימפּעריאליסטישע אנעקסיע); 3) די פעטיציעס טאָרן ניט האָבן אין זיך קיין שארפע אויסדרוקן, ד. ה. זיי האָבן ניט געדארפט „באליידיקן" די אונטערדריקער.

אָנקלאָגעס אף פוילן מיצאד די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטן איז געווען אסאך. די קאָמעדיע וועגן דעם באשיצן די אינטערעסן

פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײטן אין דער פעלקער־ליגע האָט זיך אַרויסגעוויזן שוין אין דער פּראַקטיק פון דעם אַרויסרוקן באַריכט־געבער וועגן די איניאַנים, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן.

אַזוי איז אין 1921 י. באַטראַכט געוואָרן „די שלעזישע פראַגע" (ד. ה. די לאַגע פון די דײַטשן אין פּוילן).

ווער וואָלט געקאָנט זײַן „ניט קיין פאַרינטערעסירטער" באַריכט־געבער? די אָנפירער פון דער פעלקער־ליגע האָבן באַשלאָסן, אַז אַזעלכער קאָן זײַן דער פאָרשטייער פון יאַפּאַניע, דער וויקאָנט איסאַי. פון יענער יאַפּאָניע, וואָס האָט דעמלט פאַרווירקלעכט די אינטער־ווענץ אין סיביר און האָט געשטיצט די אינטערווענץ פון פּוילן קעגן די ראַטן.

פאַרשטייט זיך, איסאַי האָט זיך אַרויסגעזאָגט אין דער שלעזישער פראַגע לטובֿת פּוילן.

אָדער לאָמיר נעמען, צום בײַשפּיל, די אָנקלאָגעס פון די אוקראַי־נער אויף די פּאָגראָמען פון די פּילסודסקיסטן אין מערבֿ־אוקראַיִנע די יאָרן 1930—1928. די דאָזיקע אָנקלאָגעס זײַנען לאַנג געלעגן „פאַרמאַריגירט".

ווער איז מער פּאַסיק געווען בעסער צו „דערלערנען" דעם דאָזיקן איניען אויסן שטאַנדפּונקט פון „גערעכטיקײַט"? דער פאָרשטייער פון יאַפּאָניע סאַטאָ, דער זעלבער, וואָס האָט פאַרטיידיקט די יאַפּאָ־נישע אינטערווענץ אין כינע.

פאַרשטייט זיך, סאַטאָ האָט אײַנגעפונען, אַז „די אוקראַינער קריוו־דעס די פּאָליאַקן", אַז זיי הערן אויף צו פאָלגן. אויף דער זיצונג פון דער פעלקער־ליגע דעם 30 יאַנואַר 1932 י. האָט סאַטאָ דורכ־געשלעפּט אַ רעזאָלוציע, וואָס פאַרורטיילט די האַנדלונג פון די אוקראַינער.

אייגן האַנט וואַשט די צווייטע.

דעם 8 מאַרט 1932 י., ווען עס איז באַהאַנדלט געוואָרן אין דער־פעלקער־ליגע די פראַגע וועגן דעם רויבערישן אָנפאַל פון די יאַפּאַנער אויף כינע, האָט דער אויסערן־מיניסטער פון פּוילן זאַליעסקי מיט „באַ־פרידיקונג" קאָנסטאַטירט, אַז לויט דער מעלדונג פונעם יאַפּאַנישן דעלעגאַט „קלײַבט זיך יאַפּאַניע ניט צו ברעכן די גרונט־פּאַרפּליכ־טונגען פון דער פעלקער־ליגע".

די אָנקלאָגעס פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהײטן אין פּוילן אין דער פעלקער־ליגע האָבן ניט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן.

די פּראָצעדור פונעם באהאַנדלען די אָנקלאָגעס איז געווען זייער א קאָמפּליצירטע און איז געווען ארומגעשטעלט מיט אזוינע פאָרמא־ליטעטן, אז די פעלקער־ליגע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א „באַגראָבער־ביוראָ“ פאַר אזוינע אָנקלאָגעס.

די רעדלפירער פון דער געוועזענער פּוילישער מלוכע האָבן באַ־שלאָסן זיך ביכלאַל אָפּצוזאָגן פון די צווישנפעלקערלעכע פאַרפּליכ־טונגען און פון יעטווידן קאָנטראָל איבער זייער נאַציאָנאַלער פּאָלי־טיק. דעם 13 סעפּטעמבער 1934 י. איז דער טרויעריק־באַקאַנטער אויסערן־מיניסטער פון פּוילן בעק ארויסגעטראָטן אין דער פעלקער־ליגע מיט א מעלדונג וועגן דעם, אז פּוילן זאָגט זיך אָפּ צו אנער־קענען אַפילו ווײַטער די רעכט פון די צווישנפעלקערלעכע אָרגאַנען ארײַנ־צומישן זיך אין די פראַגעס וועגן די נאַציאָנאַלע מינדערהײטן אין פּוילן.

פּאַקטיש האָבן די רעדלפירער פון פּוילן אין משך פון צוואַנציק יאָר געפירט א פאַרביטערטן קאַמף קעגן זייערע נאַציאָנאַליטעטן. פּוילנס „איינהײט“ און די אידייע פון „גרויספּוילן“ איז אויך אין דער פרידלעכער צײַט אונטערגעשטיצט געווען מיטן באַגנעט, מיט דער נאַהײַקע און מיט טליעס.

* * *

וויאזוי האָבן געטראַכט די הערשנדיקע קלאַסן „צו לייזן“ די נאַצי־אָנאַלע פראַגע אין פּוילן?

איינע פון די אײַנפלוסרײַכע פּוילישע בורזשואזע פּאַרטייען, די „נאַראָדאָווצעס“, האָט אין איר פּראָגראַם דערקלערט, אז זי וועט „אײַנגעשפּאַרט ארבעטן אויף דעם, אז די רעפּובליק, אלס גאַנצעס, זאָל האָבן א שאַרף אויסגעדריקטן פּוילישן כאַראַקטער, אז אלע לעבנס־קרעפטן פון דעם געזעלשאַפטלעכן, ווירטשאַפטלעכן און קולטורעל־נאַציאָנאַלן לעבן זאָלן זײַן אין די פּוילישע הענט, אז עס זאָלן פאַר־ניכטעט ווערן וואָס גיכער די שפּורן פון אויסלענדישער הערשאַפט, אז איינצײַטיק זאָלן די ראַנד־געגנטן, ווי אויך אנדערע שטעט, ניט נאָר לויט זייער אָנגעהעריקײַט, נאָר אויך לויטן גײַסט און נאַציאָנאַלער קולטור זייערער זײַן פּוילישע“.

מיטן מויל פון זייערע פירער (די גראבסקיס און אנד.) האָבן די „נאראָדאָווצעס" זיך ארויסגעזאָגט פאר א שנעלסטער „אינקאָרפּאָראַציע" פון די נאציאָנאַלע מינדערהייטן. זיי האָבן געזאָגט, אז ס'איז גענוג צען יאָר פון א „גוטער" קאָלאָניזאטאָרישער טעטיקייט פון דער פוילישער מעלוכע, אז די נאציאָנאַליטעטן זאָלן זיך אסימילירן, זאָלן ווערן פוילישע.

דעם זעלבן ציל האָבן זיך געשטעלט די פּילסודטשיקעס. נאָר אין אונטערשייד פון דעם אנטבלויזטן און וואולגארן נאציאָנאַליזם פון די „נאראָדאָווצעס" האָבן די פּילסודטשיקעס געשטרעבט צוצופארבן זייער ניט ווייניקער ברוטאלן נאציאָנאַליזם מיט דער דעמאגאָגיע וועגן די אינטערעסן פון דער פוילישער מעלוכישקייט, אין וועלכער עס זיינען קלוימערשט פארינטערעסירט אלע נאציאָנאַלע מינדערהייטן.

די פּילסודטשיקעס האָבן פאָרגעשטעלט די מעלוכע ווי אן „אלגע-מיינע הויז".

די פּאָליטיק פון די פּילסודטשיקעס איז געריכטעט געווען אף צו-נויפריידן זיך מיט דער אוקראַינישער און ווייסרוסישער בורזשואזיע, אף אויסצונוצן זייער קלאסן-פיינטשאפט צו די סאָוועטן אין די אינ-טערעסן פונעם פריצישן פוילן, אין די אינטערעסן פון געמיינ-זאמער עקספּלואטאציע פון די ארבעטנדיקע. די פּילסודטשיקעס האָבן דעמאגאָגיש אפילע ארויסגערוקט א לאָזונג „וועגן פעדעראציע", נאָר עס איז קיינמאָל ניט געמאכט געוואָרן א פּרווו אפילע איזעקצושטעלן די דאָזיקע פראגע אפן סיידער כאָטשבי פון א מיילווייזער רעאלי-זאציע.

דער מעלוכע-אפּאראט פון די פּילסודטשיקעס האָט געארבעט אין די ראנד-געגנטן אין די אינטערעסן פון א צוואנג-אסימיליאציע, פון פארניכטן די נאציאָנאַלע קולטור און פון זיכערן די פּריווילעגירטע לאגע פון די פּאָליאקן אין די „קרעסן" (ראנד-געגנטן), ניט אָפּשטעלנ-דיק זיך פאר קיין אכזאָריעסדיקסטע „פּאציפיקאציעס" (צו געהאָרכ-זאמקייט ברענגען).

וואָס אָנבאלאנגט פּפּס, האָט זי אין איר פּראָגראם דערקלערט, אז זי „קעמפט פאר דעם, עס זאָל דערפירט ווערן ביזן סאָף די פאריי-ניקונג פון אלע פוילישע ערדן", ד. ה. אז זי האָט זיך ארויסגעזאָגט פאר אונטערשטיצן אלע אגרעסיווע פּלענער פונעם פוילישן אימפּעריא-ליזם.

פּפּס האָט געשטיצט די מילכאָמע פונ פּוילנ קעגנ פּססר אינ די
יאָרנ 1920 — 1919. זי האָט געשטיצט דאָס פארכאפּנ ווילנע אונ די
ליטווישע ראיאָנענ פונ ווילנער געגנט, האָט געשטימט אינעם סיים
פאר זייער פאראייניקונג צו פּוילנ. די פּעפּעעסאָווצעס האָבנ צוליב דע=
מאגאָגישע צוועקנ דערלאָזט בלויז שוואכע שטימענ צו פארטיידיקנ די
קולטור=נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטנ. אָבער
אינ דער זעלבער צייט האָבנ זיי אנטוויקלט די סאמע אומפארשעמטע
קאָלאָניזאטאָרישע פּאָליטיק אינ די ראנד=געגנטנ. אינ דער זעלבער
ריכטונג זיינענ אויכ געווענ טעטיק די אָרגאניזאציעס, וואָס האָבנ זיכ
געפונענ אונטער דער ווירקונג אונ אונטער דער אָנפירונג פונ פּפּס, ווי,
אשטייגער, די פּראָפּאריינענ, קאָאָפּעראטיוונ, קראנקענ=קאסעס, „זעלבסט=
פארוואלטונגענ".

אפּ וויפל עס איז געוואָקסנ אונ עס האָט זיכ פארברייטערט די
נאציאָנאלע באוועגונג אינ מיירעוו=אוקראינע אונ אינ מיירעוו=ווייס=
רוסלאנד, האָבנ די פּעפּעעסאָווצעס מיט שוידער קאָנסטאטירט, אז
אוססר אונ ווססר ווערנ צוציונגס=צענטערנ פאר די אוקראינער אונ
ווייסרוסנ אינ פּוילנ. נאָכנ 1926 יאָר, ווענ דער פאשיסטישער רעזשים
פונ די פּילסודטשיקעס האָט פארשטארקט די פּראָטעסט=באוועגונג פונ
די אונטערדריקטע פעלקער, זיינענ איינצלנע אָנגעזעענע פּעפּעעסאָווצעס
ארויסגעטראָטנ מיט „רעפאָרמ"=פּראָיעקטנ. זיי האָבנ פאָרגעלייגט זיכ
צונויפריידנ אום יעדנ פּרייז מיט די אוקראינישע בורזשואזע נאציאָנא=
ליסטנ, וואָס האָבנ זיכ באצויגנ פיינטלעכ צו פּססר. די פארשטענדיקונג
מיט דער אוקראינישער בורזשואזיע האָט באדארפט, לויט דער מיינונג
פונ די פּעפּעעסאָווצעס, שאפנ „פּסיכישע" באדינגונגענ פאר מאכנ א
שאָלעם, וואָס האָט באדארפט פארווירקלעכט ווערנ דורכ דעם געבנ
מיירעוו=אוקראינע אנ „אווטאָנאָמיע" אונטער דער העגעמאָניע פונ
פּוילנ. אזוי ארום, האָבנ די פּעפּעעסאָווצעס געקלערט, וועט געראָטנ
פריער אָדער שפּעטער צו פאראייניקנ צו מיירעוו=אוקראינע אויכ די
סאָוועטישע אוקראינע אונ, מעגלעכ, אָפּצושטופּנ פּססר, ער זאָל ניט
ווירקנ אפּ מיזרעכ=אייראָפּע. זאָל פּססר, האָבנ זיי געזאָגט, זיכ פאר=
נעמענ מיט די ווייטמיזרעכדיקע איניאָנים. דער אָנפירער אָבער פונ
די סלאווישע פעלקער דארפ ווערנ פּוילנ.

ריידנדיק וועגנ מאכנ שאָלעם מיט די נאציאָנאליסטנ, האָבנ די פּע=
פּעעסאָווצעס געהאט אינ אויג דעריקער די אוקראינישע בורזשואזיע.

די ווײַסרוסנ האָבנ זיי בכלל אינ כעזשבנ ניט אַרײַנגערעכנט. בענעגייע צו זיי האָבנ די פעפעסאָווצעס געשטיצט די פאָלאָניזאַציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרנ, אונ אינ דער הינזיכט איז בא זיי ניט געווענ קיינ מיינונגס־פאַרשיידנהייט מיט די פילסודטשיקעס.

דאָס קאָקעטירנ מיצאַד די פעפעסאָווצעס מיט דער אוקראַיִנישער בורזשואַזיע האָט מאַסקירט דעמ ווירקלעכנ טאָכ פונ דער קאָלאָניאַלער פאָליטיק, וואָס איז געווענ געריכטעט: 1) אפ אָפּצוהיטנ די אינטערעסנ פונ די פוילישע פריצימ אונ פונ דער בורזשואַזיע אינ די „קרעסנ“; 2) אפ אָפּצוהיטנ די אינטערעסנ פונעמ קאָלאָסאַלנ פוילישנ ביוראָקראַטישנ אַפּאַראַט אינ מערעוו־אוקראַיִנע אונ אינ מערעוו־ווײַסרוסלאַנד, וואָס האָט זיכ אונטערגעפיטערט אפנ כעזשבנ פונ דער צעלאָזענער עקספּלואַטאַציע פונ דער אָרטיקער באַפעלקערונג אינ די „קרעסנ“; 3) אפ אײַנצוהיטנ די פריווילעגירטע לאַגע פונעמ קעפל פונ די פוילישע אַרבעטער (די אָנהענגער פונ פפס), וואָס פלעגנ דעמאַגאָגיש אונטערגעקויפט ווערנ מיט בעסערע באַדינגונגענ אינ די „קרעסנ“ אינ פאַרגלײַכ מיט די אוקראַיִנער אונ ווײַסרוסנ.

מע דאַרפ אויכ באַמערקנ, אַז די אוקראַיִנישע בורזשואַזע פאַרטייענ, מיט וועלכע די פילסודטשיקעס אונ די פעפעסאָווצעס פלעגנ קאָקעטירנ, אינ פראַט די „אונדאָ“ (די אַזוי־גערופענע „אוקראַיִנישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פאַראייניקונג“), האָבנ איבערגענומענ בא די פוילישע הערשנדיקע קלאַסנ זייערע „טראַדיציעס“ אונ אינ דער ערשטער ריי זייער אייגנשאַפט צו פאַרקויפנ זיכ. זיי האָבנ זיכ פאַרקויפט צו די פילסודטשיקעס, האָבנ באַנאַנד מיט זיי זיכ פאַרנומענ מיט אַ ווילדער העצע קעגנ דעמ סססר. זיי האָבנ זיכ פאַרקויפט אויכ צו דײַטשלאַנד. אויס מוירע פאַר די סאָוועטנ זײַנענ זיי געווענ גרייט צו פאַרקויפנ זיכ וועמענ ס׳ניט איז צומ שאָדנ פונ די בלוטיקע אונ סאַמע וויכטיקע אינטערעסנ פונעמ אוקראַיִנישנ פאָלק.

## קאַפּיטל IV

## דער נאַציאָנאַלער דרוק אינעמ עקאָנאָמישנ אונ קולטורעלנ געביט

באַגלײַכ מיטנ פאָליטישנ דרוק האָבנ די הערשנדיקע קלאַסנ פונ פוילנ פאַרווירקלעכט אינ די נאַציאָנאַלע ראַיאָנענ דעמ עקאָנאָמישנ אונ קולטורעלנ דרוק.

די עקאָנאָמישע אונטערדריקונג האָט זיך נאָך שאַרפער געלאָזט פילן בײַ דער שײַן פון פוילנס אַלגעמיינער עקאָנאָמיק, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין די אינטערעסן פון אירע מילכאָמע-פּלענער און האָט געזיכערט די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע און פון די פּריצים פון דער פוילישער נאַציע.

מע דאַרף אָפּמערקן די ענגע עקאָנאָמישע פאַרבינדונג, וואָס האָט עקזיסטירט ביזן 1914 י. צווישן רוסלאַנד און פוילן. דער האַנדל-באַלאַנס אינעם 1913 י. ווײַזט אַ סאַלדאָ פון 119 791 טויזנט רובל לע-טוֹוועס פוילן. מע קאָן זאָגן, אַז דער בלי פון דער פוילישער אינ-דוסטריע געהער צום פּעריאָד, ווען זי האָט זיך געפונען אין די גרע-נעצן פון רוסלאַנד.

נאָך דער מילכאָמע האָט פוילן אָנגעוווירן דעם רוסלענדישן מאַרק. קאָנקורירנדיק מיט דעם שכײַנישן דײַטשלאַנד אין די באַדינגונגען, ווען דײַטשלאַנד אַליין האָט געליטן פון דער איבער-פּראָדוקציע, האָט פוילן ניט געקאָנט. לאַנג האָט ניט אויפגעהערט די טאַמאָזשניע-מילכאָמע צווישן פוילן און דײַטשלאַנד, טרעפנדיק מער פוילן, איידער דײַטש-לאַנד. 1)

פוילן האָט אין דער נאָכמילכאָמע-צײַט ניט געקאָנט זיך באַפרײַען פון די שוועריקײַטן. די שוועריקײַטן פונעם קריזיס זײַנען אַריבער-געלייגט געוואָרן אויף די אַרבעטנדיקע מאַסן.

עס איז געוואַקסן די אַרבעטלאָזיקײַט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אין 1938 י. בײַ 2,5 מיליאָן מענטשן; אין לאָדז איז אויף 140 ט. אַרבעטנ-דיקע געווען 40 ט. אַרבעטלאָזע. דערבײַ איז די געוויסע אויפלעבונג אין דער אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אינעם 1938 י., גע-ווען פאַרבונדן מיט דער פאַרשטאַרקטער פּראָדוקציע פון געווער פאַר

---

1 לויט די פוילישע אָפיציעלע יעדיעס („Petit annuaire statistique de la Pologne“), האָט דער אויסערלעכער האַנדל פון פוילן מיט דײַטשלאַנד באַטראָפן (אין מי-ליאָנען זלאָטעס):

| יאָרן | אימפּאָרט | עקספּאָרט |
|---|---|---|
| 1928 | 903,1 | 858,8 |
| 1937 | 182,2 | 173,0 |

די נויטן פון דער פוילישער ארמײ און מיטן פארקויפן געווער די שפאנישע בונטאָװשטשיקעס.

די אָרעמקײט פון דער באפעלקערונג, באזונדערס אין דער לאנד־װירטשאפט, האָט באדינגט די קלײנע ארײנעמיקײט פונעם מארק. א רעגירונג, װאָס װאָלט פײיק געװען זיך אופצוהײבן ביז צום פארשטײן די נאציאָנאלע אינטערעסן, װאָלט געזוכט א פארשטעטיקונג מיט פסער, פארבעסערן מיט אים די האנדל־פארבינדונגען. 1) די רעדל־פירער אָבער פון דער געװעזענער פוילישער מעלוכע, פארבלענדעט פון סינע צו די סאָװעטן, טרײמענדיק װעגן נײע פארטאפונגען אפן כעזשבן פון די סאָװעטן, זײנען דערופ ניט געװען פײיק. דערצו זײנען זײ נאָך געװען אָפהענגיק פונעם אויסלענדישן קאפיטאל, װעלכער האָט געראבעװעט פוילן, עס באטראכט װי זײנע א קאָלאָניע.

לויט אָפיציעלע יעדיעס איז אין פוילן אין 1936 י. געװען 1 110 אקציאָנערן־געזעלשאפטן מיט אן אלגעמײנעם קאפיטאל פון 3910,7 מיליאָן זלאָטעס. אקציאָנערע געזעלשאפטן מיט א שארפ אויסגעשפראָ־כענעם אָנטײל פונעם אויסלענדישן קאפיטאל איז געװען 427. דער אלגעמײנער קאפיטאל זײערער האָט באטראָפן 2 447 מיליאָן זלאָטעס. דער כײלעק פונעם אָנטײל פונעם אויסלענדישן קאפיטאל אין אלע אקציאָנערע געזעלשאפטן איז דערגאנגען ביז 38,4%; אין אקציאָנערע געזעלשאפטן מיט א שארפ אויסגעשפראָכענעם אָנטײל פונעם אויס־לענדישן קאפיטאל — 61,4%.

דער אויסלענדישער קאפיטאל האָט דורך די אקציאָנערע געזעל־שאפטן, װאָס האָבן געארבעט בא זײן דירעקטער שטיצע, ארומגענו־מען באזונדערע צװײגן װירטשאפט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אפ — 52,4%, אין דער ערצ־אינדוסטריע — אפ 64,8%, אין דער כע־מישער — אפ 72%, אין דער װאלדישער — אפ 80%, אין דער באָלי־גראפישער — אפ 80%, אין דער נאפטישער — אפ 87,5%, אין דער עלעקטרישער — אפ 88,6%.

אקציאָנערע געזעלשאפטן מיט א רײנעם אויסלענדישן קאפיטאל

1 דער האנדל מיט פסער לויט די פוילישע אָפיציעלע יעדיעס האָט באטראָפן (אין מיליאָנען זלאָטעס):

| יאָרן | אימפאָרט | עקספאָרט |
|---|---|---|
| 1928 | 39,1 | 38,6 |
| 1937 | 14,5 | 4,4 |

איז אינעם 1936 י. געווען 43 מיט א קאפּיטאל פון 281,1 מיליאָן זלאָ־
טעס. פון זיי האָבן 7 ארומגעכאפּט די ארץ־גרובן, 1 — די נאפט,
5 — מעטאלורגישע אונטערנעמונגען, 5 — כעמישע, 5 — טעקסטילע,
8 — האנדל, 6 — סטראכיר־געשעפטן, 6 — טראנספּאָרט־אונטערנעמונ־
גען.

אפן ערשטן אָרט לויט זייערע איינלאָגן זיינען געשטאנען די פראנ־
צויזישע, אמעריקאנישע און דייטשישע קאפּיטאלן, נאָכדעם זיינען גע־
גאנגען די בעלגישע און ענגלישע.

דער אויסלענדישער קאפּיטאל האָט פארהאלטן די עקאָנאָמישע אנט־
וויקלונג פון פוילן. ער האָט רויבעריש עקספּלואטירט בלויז דאָס, וואָס
ער האָט געהאלטן פאר מער לוינעוודיק.

דער פּראָדוציר־אפּאראט איז געווען אן אָפּגעשטאנענער, איז קימאט
נים באנייט געוואָרן. די ביליקייט פון דער ארבעטס־קראפט האָט גע־
מאכט פאר אומנייטיק די הויצאָעס אף טעכנישער ראציאָנאליזאציע.

די פּוילישע בורזשואזיע, ווידער, זייענדיק נים פייִק נים אויסצונוצן
ווי געהעריק דעם אינערלעכן מארק, נים קאָנקורירן אף פרעמדע מערק,
האָט אנטוויקלט א ווילדע אגיטאציע פאר דעם, מע זאָל איר געבן קאָ־
לאָניעס.

אין די דאָזיקע באדינגונגען איז כאראקטעריסטיש דער עקאָנאָמישער
דרוק, וואָס די פּוילישע אימפּעריאליסטן האָבן אים פארווירקלעכט אין
די „קרעסן“.

דער געוועזענער וויצע־פּרעמיער פון פּוילן קוויאטקאָווסקי האָט
אין זיין רעדע, וואָס איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג
„פּאָלאָניא“ (דעם 1 מארט 1936 י.), צעטיילט פּוילן אף — פּוילן "A„
און פּוילן "Б„.

אין פּוילן "A„ האָט זיך געפונען די גרונטיקע מעטאל־באארבעטנ־
דיקע, מאשין־בויענדיקע, עלעקטרעטעכנישע, טעקסטילע און אנדערע
אינדוסטריע.

גאָר אנדערש איז אין פּוילן "Б„. לויט די אָפיציעלע יעדיעס פארן
1931 י. האָט די צאָל באפעלקערונג, וואָס איז באשעפטיקט געווען אין
דער אינדוסטריע, אין גאנץ פּוילן באטראָפן 19,4% פון דער גאנצער
באפעלקערונג, אינעם האנדל — 6,1%, אפן טראנספּאָרט — 3,6%.

אין די גרונטיקע פּוילישע ראיאָנען איז די באפעלקערונג געווען בא־
שעפטיקט (אין פּראָצענטן):

| וואָיעוואָדסטוועס | אין דער אינ־ דוסטריע | אינעם האנדל | אפּן טראַנספּאָרט |
|---|---|---|---|
| וואַרשעווער | 21,2 | 5,5 | 3,5 |
| לאָדזער | 31,4 | 8,2 | 3,0 |
| קעלצער | 26,8 | 6,1 | 3,0 |

אַנדערש איז געווען די פאַנאַנדערטיילונג פון דער ניט־דאָרפישער באַפעלקערונג אין פּוילן „Б“, אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען, דערהויפּט אין די אוקראַאינישע און ווייסרוסישע (אין פּראָצענטן):

| וואָיעוואָדסטוועס | אין דער אינ־ דוסטריע | אינעם האנדל | אפּן טראַנספּאָרט |
|---|---|---|---|
| נאָוואָגרודער | 7,1 | 3,0 | 1,5 |
| פּאָליעסער | 7,9 | 3.4 | 2,0 |
| וואָלינער | 8,5 | 4,8 | 1,7 |
| ווילנער | 10,2 | 4,8 | 2,8 |

שוין פון די דאָזיקע אָפיציעלע ציפערן1) איז צו זען דעם שאַרפן קאָנטראַסט צווישן דעם אָנטייל פון דער באַפעלקערונג אין דער אינ־דוסטריע, אינעם האנדל און אפּן טראַנספּאָרט אין די פּוילישע ראַיאָנען און אין די אוקראַאיניש־ווייסרוסישע ראַיאָנען.

דאָס, וואָס עס איז געווען אין מיזרעח־אוקראַאינע און אין מיזרעח־ווייסרוסלאַנד אַלס אינדוסטריע, האָט דאָס אויסגעמאַכט ניט מער ווי אַ קליינעם פּראָצענט בענעגייע צו פּוילן „A“. אַזוי האָט דער בײַלעק פון דער אינדוסטריע פון מיזרעח־אוקראַאינע באַטראָפן אַנגאַנצן $7 - 10^0/_0$ בענעגייע דער גאַנצער אינדוסטריע פון פּוילן.

דאָך האָט אויך דער דאָזיקער טייל אינדוסטריע געגווירט. עס האָט זיך געפירט ניט קיין ראַציאָנעלע אויסנוצונג פון די נאַטירלעכע רע־סורסן פון לאַנד. די פּוילישע און די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן האָבן געשטרעבט אַפּ אַ מער רויבערישן אופן גיכער „אויספּאָמפּען“ אַלץ, וואָס איז געווען מעגלעך, אָן באַזונדערע הוצאָעס.

די פּוילישע פּריצים האָבן זיך געפילט ניט זיכער און האָבן באַ־שלאָסן: „נאָך אונדז מעג אַפילע אַ מאַבל זיין“.

---

1 לויט די יעדיעס פונעם „Petit annuaire statistique de la Pologne“, 1938, ז. 33 — 32.

אינ מערעוו=אוקראינע איז פאראנ קוילנ, אייזנ, בליי, צינק, וואלד, זיי זיינענ אָבער שלעכט פאנאנדערגעארבעט געוואָרנ.

די פירנדיקע צווייגנ אינדוסטריע אינ די נאציאָנאלע ראיאָנענ זיינענ געווענ: טעקסטיל אינ ביאלאָסטאָק, נאפט אונ זאלצ — אינ מערעוו=אוקראינע.

דער ארויספאקומ פונ נאפט האָט באטראָפנ: אינ 1909 י. — 2 מיליאָנ טאָנ, אינ 1938 י. — 500 טויזנט טאָנ, ד. ה. אינגאנצנ 25 פראָצ. פונעמ ארויספאקומ פונעמ 1909 י.

אינ ביאלאָסטאָק האָט די צאָל טעקסטילער באטראָפנ אינ יאָר 1929 כאבאקל 47% פונ דעמ פארמילכאָמעדיקנ ניוואָ (אינ 1914 יאָר -- 12 טויזנט ארבעטער), אינ 1930 י. — 40%, אינ 1932 — 37 פראָצ. (ניט רעכנענדיק די „לאָנקעטניקעס“ — די, וואָס ארבעטנ בא זיכ אינדערהיימ), אינ 1938 יאָר — 25 פראָצ. די אנטוויקלונג פונ ביאלאָסטאָק איז קינסטלעכ פארהאלטנ געוואָרנ לעטויוועס לאָדז אונ ווארשע.

אינ מערעוו=ווייסרוסלאנד איז נאָכ ביז דער ערשטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע געווענ א מעבל=אינדוסטריע. זי איז ליקווידירט געוואָרנ צוזאמענ מיט דער אנטוויקלונג פונ דעמ עקאָנאָמישנ קריזיס אינ דער „אומאָפהענגיקער“ פוילישער מעלוכע.

אינ ווילנער ראיאָנ זיינענ ליקווידירט געוואָרנ דער טשוהונ=גומ=זאוואָד, דער דראָט=טשוועקעס=זאוואָד, די שוועבל=פאבריק אונ די לעדער=זאוואָדנ.

די שוועבל=מאָנאָפאָל האָט מענ אינ אָנהייב אָפגעגעבנ דעמ באוווסטנ צווישנפעלקערלעכנ אפעריסט קרייגער. אז קרייגער האָט באנקראָטירט, האָט די פוילישע רעגירונג אליינ אָנגעהויבנ צו פארווירקלעכנ די שוועבל=מאָנאָפאָליע. דער רעזולטאט דערפונ איז געווענ דער, וואָס די שוועבל=פאבריקנ אינ מערעוו=ווייסרוסלאנד (אינ סלאָנימ, ווילנע, ברעסט, גראָדנע) האָבנ זיכ פארמאכט. געבליבנ איז בלויז איינ פאבריק אינ פינסק. אינעמ 1928 י. איז אינ פוילנ געווענ צענ שוועבל=פאבריקנ מיט 2324 ארבעטער, אינ 1937 י. — 4 פאבריקנ מיט 818 ארבעטער.

אינ די נאציאָנאלע ראיאָנענ איז צווישנ די פראָלעטאריער געוואקסנ די ארבעטלאָזיקייט אונ די אָרעמקייט. דער פראָדוציר=אפאראט איז זיכ אלצ מער צעפאלנ. עס האָט זיכ פארגרעסערט די פאופעריזאציע פונ דער באפעלקערונג. דער ארבעטלוינ פונ די ארבעטער אינ די נאציאָנאלע ראיאָנענ האָט, אפילע לויט די אָפיציעלע יעדיעס, אָפט באטראָפנ

ווייניקער פון א העלפט פונעם ארבעטלוין אין די פוילישע ראיאָנען.

אזוי האָט דער דורכשניטלעכער ארבעטלוין פאר א וואָך באטראָפן אין אויגוסט 1937 י. אין ווארשע ( אין שטאָט) 39,63 זלאָטעס, אין ווארשעווער וואָיעוואָדסטווע — 32,84 זלאָטעס. אקעגנזשע אין פּאָליעסער וואָיעוואָדסטווע — 17,84 זלאָטעס ; אין טארנאָפּאָליער — 17,73 ; אין סטאניסלאוואָווער — 15,91 ; אין נאָוואָגרודער — 13,33 זלאָטעס.

צוואנציק זלאָטעס — דאָס איז געווען א הונגער־ארבעטלוין. באקומען האָבן אים אין פוילן 40 פּראָצענט ארבעטער. אקעגנזשע אין וואָלין האָבן ווייניקער ווי צוואנציק זלאָטעס פארדינט 80 פּראָצענט ארבעטער.

נאָך שווערער איז געווען די לאגע אין דער לאנדווירטשאפט, ווו עס איז באזונדערס שארף ארויסגעטראָטן דער קלאסן־טאָך פון דער נאציאָנאלער פראגע.

די נאציאָנאלע ראיאָנען זיינען אין גרונט געווען לאנדווירטשאפטלעכע. לויט דער אָפיציעלער פוילישער סטאטיסטיק איז אין גאנץ פוילן געווען אין 1931 י. באשעפטיקט מיט דער לאנדווירטשאפט 60,6% פון דער באפעלקערונג. אין באזונדערע וואָיעוואָדסטוועס מיט א פוילישער באפעלקערונג איז דער דאָזיקער פּראָצענט, לויט די אָפיציעלע יעדיעס, געווען א קלענערער. אזוי האָט אין לאָדזער וואָיעוואָדסטווע דאָרפישע באפעלקערונג באטראָפן: 48,6%, אין קעלצער — 56,8% אאזוו.

און, פארקערט, דער פּראָצענט פון דער דאָרפישער באפעלקערונג אין די נאציאָנאלע ראיאָנען איז געווען אסאך א גרעסערער. אזוי האָט זי אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע באטראָפן 72,3%, אין וואָלינער — 79,4%, אין נאָוואָגרודער 82,4% אאזוו.

אין גאנץ פוילן האָט קימאט א העלפט פון דער ערד געהערט צו די גרויסע גוטסבאזיצער : צו די האדזיווילער, פּאָטאָצקיס, און אנד. לויט די יעדיעס פון „ראָבאָטניק" (דער אָרגאן פון פּפּס) האָט קימאט א העלפט פון דער ערד, וואָס איז געוואָרן באארבעט, נעמלעך, 44,8%, פארנומען די ווירטשאפטן, וואָס האָבן געהאט העכער 100 הא. זיי האָבן באטראָפן 0,6% פון דער אלגעמיינער צאָל ווירטשאפטן. אף 6 רייכע גוטסבאזיצער האָט זיך אָנגענומען 647 הונגערנדיקע אָרעמע פויערים. די דאָזיקע 6 רייכע לייט האָבן פארמאָגט אין 3 מאָל מער ערד, ווי אלע 647 אָרעמע פויערים צוזאמען.

דער קלאַסן-כאַראַקטער פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט זיך אַרויסגעוויזן שוין אין דעם, וואָס די גוטסבאַזיצער אין די „קרעסן" זיינען געווען פּאָליאַקן, ביים די פּויערים זיינען געווען אוקראַינער און ווייסרוסן.

אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען איז די צאָל דריבנע קאַרליקעס-ווירטשאַפטן געווען אסאך א העכערע, ווי אין דעם גרונט-טייל פון פּוילן.

אין גאַנצ-מיזרעוו-אוקראַינע איז נאָר 12—13% פון דער ערד געווען אין די הענט פון די אָרעמע און מיטעלע פּויערים. די איבעריקע ערד האָט געהערט צו די גוטסבאַזיצער און צו די אָסאַדניקעס. אין סטאַניסלאַוואָווער וואָיעוואָדסטווע האָבן 630 פּוילישע גוטסבאַזיצער געהאַט צוויי מאָל מער ערד, ווי 200 טויזנט אָרעמע פּויערים. אין מיזרעוו-ווייס-רוסלאַנד איז אין די הענט פון 1027 פּוילישע גוטסבאַזיצער געווען 67,6% פון דער גאַנצער ערד.

אסאך אָרעמפּויערישע ווירטשאַפטן פון די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען זיינען דערצו געווען נאָך אזעלכע ווירטשאַפטן, וואָס האָבן ניט פאַר-מאָגט קיין פערד. אזוי איז אין סטאַניסלאַוואָווער וואָיעוואָדסטווע גע-ווען 57,5% ווירטשאַפטן אָן פערד, אין טאַרנאָפּאָלער — 46,5%, אין לוואָווער — 45,3%.

אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען האָבן זיך מער ווי אין די גרונטיקע פּוילישע ראַיאָנען אָפּגעהיט די ביז-קאַפּיטאַליסטישע פאָרמען פון עקס-פּלואַטאַציע אינעם אויסזען פון אָפּאַרבעטן א.א.וו.

אז די סאָוועטישע אַרמייען זיינען אין 1920 י. נאָענט צוגעגאַנגען צו וואַרשע, האָט דער סיים מיט א מערהייט פון איין שטים אָנגענומען א געזעץ וועגן אן אַגראַר-רעפאָרם, וואָס איר גרונט-אינהאַלט איז באַ-שטאַנען אין דעם, וואָס איין פּערזאָן טאָר ניט האָבן אַלס זיין פּרי-וואַט-אייגנטום מער ווי 180 הא אין דעם גרונטיקן פּוילן און ניט מער ווי 400 הא אין די „קרעסן". די גאַנצע איבעריקע ערד האָט די מעלוכע באַדאַרפט אויסקויפן און זי צעטיילן אָפּ ניט קיין הויכע פּרייזן צווישן די ווייניק-פאַרמעגלעכע פּויערים.

נאָר אז די געפאַר איז אַריבער, האָט מען אין דעם פאַרגעסן. די גוטסבאַזיצער איז געגעבן געוואָרן א מעגלעכקייט „פּריוויליק" פאַר-קויפן זייער ערד פאַר א הויכער פּרייז. קויפן ערד האָבן, פאַרשטייט זיך, געקאָנט נאָר די באַלעגופים, וואָס די „רעפאָרם" האָט זיי צוגע-דינט.

די וויטערדיקע באשטימונגענ (אינעמ 1925 י.) האָבנ בלויז געזעצלעכ געמאכט די רעכט פונ די גוטבאזיצער אפ זייער ערד.

פאר די גיטער, וואָס האָבנ פראָדוצירט טעכנישע קולטורנ (ווי דאָס איז געווענ אינ מארגאָפאָלער, לוואָווער אונ אינ אנדערע נאציאָנאלע ראיאָנענ), איז דערלאָזט געווענ א מאקסימומ פונ 700 הא. דערצו נאָכ האָבנ די פריצישע מוסטער־ווירטשאפטנ געקאָנט בלייבנ אומבארירט. דאָס האָט געגעבנ די ראדזיווילער, פאָטאָצקיס אונ אנדערע א מעגלעכקייט אינטערציפירנ זייערע ווירטשאפטנ אונטער „מוסטערהאפטע“ אונ אויסמיידנ די פארצעליאציע פונ זייערע גיטער.

אינ דעקאבער 1920 י. איז אָנגענומענ געוואָרנ א געזעצ וועגנ מיליטערישער קאָלאָניזאציע פונ די ראנד־געגנטנ, ד. ה. די „אָסאדניטשעסטוואָ“.

די אָסאדניקעס האָבנ באקומענ די בעסטע ערדנ, האָבנ ארויסגעשטויסנ די ווייסרוסנ אונ די אוקראינער. זיי זיינענ באפרייט געווענ פונ שטייערנ. זיי האָבנ פארשארפט דעמ ערד־הונגער אינ די „קרעסנ“, האָבנ געקריגנ מעלוכישע סובסידיעס, ביליקנ קרעדיט. מע האָט זיי ספעציעל באוואָפנט, אונ זיי האָבנ פאָרגעשטעלט מיט זיכ א באוואָפנטנ אָנשפאר פאר דעמ נאציאָנאלנ דרוק אינ די ראנד־געגנטנ.

אינ דער סאָוועטישער אוקראינע געפינענ זיכ די געוועזענע ערדנ פונ די פאָטאָצקיס אונ אנדערע גוטבאזיצערס אינעמ רעשומ פונ די קאָלווירטנ, די פריצישע פאלאצנ זיינענ אָפגעגעבנ געוואָרנ פאר סאנאטאָריעס פאר די ארבעטנדיקע אונ אינ פראט פאר סאנאטאָריעס פאר די פויערימ. אונ אינ מײַרעוו־אוקראינע האָבנ די זעלבע פאָטאָצקיס אונ ראדזיווילער געהאלטנ אינ פארשקלאפונג דאָס אוקראינישע אונ ווייסרוסישע פויערטומ: די מערהייט פונ מײַרעוו־אוקראינע זיינענ געווענ ערדלאָזע אָדער האָבנ געהאט נעבעכדיקע שטיקלעכ ערד; אינ א ריי ראיאָנענ אינ מײַרעוו־אוקראינע האָבנ די פויערימ אינ דער סאמע הייסער שניט־צייט אָפגעארבעט פונ 15 ביז 50 טעג אפ די פריצימ אינ זייערע פאָלווארקנ אָדער אינ די נאכלעס פונ די באלעגופימ פאר דער רעכט צו נוצנ פאשע־פעלד, וואלד, פאר כוויוועס אאזוו.

אפ די פעלדער פונ מײַרעוו־אוקראינע איז קימאט ניט צו זענ געווענ א טראקטאָר, א קאָמביינ אונ אנדערע קאָמפליצירטע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. דער פויער איז, פארשטייט זיכ, ניט אימשטאנד געווענ צו קויפנ א מאשינ, דער גוטבאזיצער האָט ניט געהאלטנ פאר ניי־

טיק ארײנצולײגנ געלט אינ מאשינעס: די ארבעט פונ די באטראקעס איז געווענ זייער א ביליקע, דער ארבעטלוינ פונ א באטראק פונ מיזרעוו=אוקראינע איז געווענ אפ איינ פערטל קלענער ווי אינ פוילנ.

די פויערשע קינדער אינ מיזרעוו=אוקראינע זײנענ ארומגעגאנגענ אָפגעריסנ=אָפגעשליסנ, באָרוועסע, זײנענ געשטאָרבנ פונ הונגער אונ פונ שלאפקײטנ. די פויערשע געזינדנ האָבנ זיכ געשפײזט דעריקער מיט קארטאָפל, ברויט איז געווענ ניט גענוג. די פויערים זײנענ ניט אימשטאנד געווענ צו קויפנ אזעלכע ערשטנייטיקע פראָדוקטנ ווי צוקער, טיי, קעראָסינ, קוילנ, טאבאק אונ אנד.

די פארשולדיקײט אונ די שטײערנ זײנענ שרעקלעכ געוואָקסנ אונ האָבנ נעשטיקט דאָס אוקראינישע אונ ווײסרוסישע פויערטומ. עס איז גענוג אָנצוווײזנ, אז דער ערד=שטײער איז אינ 1935 י. פארגרעסערט געוואָרנ אפ 35 פראָצ. דער „זעלבסטפארוואלטונגס=שטײער" האָט באטראָפנ 10 פראָצ. פונעמ ערד=שטײער, דער „קריזיס"=שטײער — נאָכ 10 פראָצ. פונעמ ערד=שטײער, דער „וועג"=שטײער — נאָכ 75 פראָצ. פונעמ ערד=שטײער אונ אז. וו. אונ אז. וו. ביכלאל האָט זיכ אָנגענומענ בא 100 פארשײדנערלײ שטײערנ.

וועגנ דעמ, ווי ווײט די פויערשע ווירטשאפט איז געווענ דערשטיקט פונ דער פארשולדיקײט, ווײזט כאָמשפי דער אומשטאנד, וואָס אפ יעדנ העקטאר ערד פונ דער פויערישער ווירטשאפט האָט זיכ אָנגענומענ העכער 400 זלאָטעס כויוועס.

באזונדערס שווער איז געווענ די לאגע פונ די באטראקעס. א באדײטנדיקער טײל זייערער איז אָדער ער האָט שטענדיק קײנ ארבעט ניט געהאט, אָדער ער איז געווענ באשעפטיקט מיט טײלווײזיקער (סעזאָנער) ארבעט. די באטראקעס, וואָס זײנענ געווענ באשעפטיקט אינ די פריצישע פאָלווארקנ אונ אינ די באלעגופישע ווירטשאפטנ, האָבנ זיכ געפונענ אינ שרעקלעכע באדינגונגענ בענוגע ארבעטלוינ אונ וווינונג. אינ מיזרעוו=אוקראינע אונ אינ מיזרעוו=ווײסרוסלאנד האָבנ זיכ באזונדערס שארפ געלאָזט פילנ די האלב=פעאָדאלע איבערבלײבענישנ, וואָס האָבנ זיכ אויסגעדריקט אינ דער פערזענלעכער אָפהענגיקײט פונעמ באטראק מיצאד דעמ גוטספאזיצער, אינ דעמ צאָלנ מיט נאטור אאזוו.

די פאָליטיק פונ די פילסודטשיקעס איז באשטאנענ אינעמ צוציענ אפ זייער זײט דעמ באלעגופישנ טײל פונעמ דאָרפ אינ די נאציאָנאלע ראיאָנענ. די באלעגופים איז געמאכט געוואָרנ האנאָכעס, קעדיי צו=

נויפבינדנ זיי מיט די אינטערעסנ פונעם פוילישנ אימפעריאליזם. ביז פילסודסקים מײַ־איבערקערעניש (1926 י.) האָבנ עהד אינ די „קרעסנ“ באקומענ נאָר די פוילישע קאָלאָניסטנ אונ די אָסאדניקעס. נאָכ דער איבערקערעניש האָבנ די פילסודטשיקעס געשטרעבט באטײלנ מיט דער דאָזיקער ערד כאָטש אינ א געװיסער מאָס די אוקראינישע אונ װײַס־רוסישע באלעגופים.

די עקאָנאָמישע פּאָליטיק פונעמ פוילישנ אימפעריאליזמ אינ די „קרעסנ“ האָט געטראָגנ א קאָלאָניאלנ כאראקטער.

די סיסטעמ פונ דעמ דורכגעפירטנ דרוק האָט פארהאלטנ די אנט־װיקלונג פונ דער אינדוסטריע אונ פונ דער לאנדװירטשאפט אינ די „קרעסנ“, האָט זיי געהאלטנ אינ א לאגע פונ רויװארג־צוגאָבנ; זי האָט געצװוּנגענ די פוערים פארקויפנ זייער פּראָדוקציע צו נידעריקע פּרײַזנ אינ דער צײַט, װענ די אימפּאָרט־פּראָדוקציע פונעמ צענטער איז פאר־קויפט געװאָרנ צו הויכע פּרײַזנ; די דאָזיקע סיסטעמ האָט פארורטײלט די ארבעטער אפ די שרעקלעכסטע לעבנס־באדינגונגען.

די יאָרנ פונ דער הערשאפט פונ די פוילישע גוטבאזיצער אונ קאפּי־טאליסטנ זײַנענ געװענ יאָרנ פונ פארעטערײַ בענעגייע די נאציאָנאלע אינטערעסנ פונעמ לאנד, יאָרנ פונ רויבערײַ אונ רוינירונג פונעמ לאנד, יאָרנ פונ אָרעמקײַט אונ רוינירונג פונ די ארבעטנדיקע, באזונדערס אינ די נאציאָנאלע ראיאָנענ.

איז װאָס־זשע פאר א כידעש, װאָס די נאציאָנאלע ראיאָנענ זײַנענ אינ מעשעכ פונ צװאנציק יאָר געװענ נעסטנ פונעמ סאמע שארפנ קלאסנקאמפ? דאָס איז כאראקטעריסטיש געװענ אי פאר דער שטאָט, אי פארנ דאָרפ.

די ערדלאָזיקײַט, דער יאָכ פונ די שװערע שטײַערנ, די פאנשטשינע, די קאָלאָסאלע פארשולדיקטקײַט, דאָס איזדעקעװענ זיכ איבער די נאציאָנאלע געפילנ אונ איבער דער מענטשלעכער װירדע, — דאָס אלצ האָט געדריקט אפ דער פויערשער מאסע, װאָס האָט זיכ געפונענ אינ שטענדיקער אָרעמקײַט.

דער קלאסנקאמפ האָט זיכ אויסגעדריקט אינ אָפטע פויערשע אופ־שטאנדנ, אינ פויערשע שטרײַקנ, װאָס זײַנענ אָפט געװענ זייער גרויס אונ האָבנ באגלײַט א שטיצע מיצאד דעמ פוילישנ פּראָלעטאריאט באזונדערס פארביטערט זײַנענ דורכגעגאנגענ די פויערשע שטרײַק אינ מײַרעװו־אוקראינע אינ אװגוסט 1937 י.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם קלאַסנקאַמף אין דער אינדוסטריע, איז וועגן דעם זאָגן די פאָלגנדיקע ציפערן, וואָס זיינען צונויפגעשטעלט גע־וואָרן לויט די אָנגאַבן פון דער פוילישער סטאַטיסטישער הויפּט־פאַר־וואַלטונג:

| יאָרן | צאָל שטרייקן |
|---|---|
| 1931 | 357 |
| 1932 | 504 |
| 1933 | 631 |
| 1934 | 954 |
| 1935 | 1165 |
| 1936 | 2040 |
| 1937 | 2074 |

אינעם יאָר 1937 האָט צוויי כאַראַקטעריסטישע געדויערט דער שטרייק פון די ביאַלאָסטאָקער טעקסטילער, וואָס אסאך פון זיי האָבן צוזאמען מיט די פאַמיליעס ניט פאַרלאָזט די געביידעס פון די אונטערנעמונגען. די שטרייקן פלעגן אויפקומען און זיך פאַרמערן קעגן דעם ווילן פון די פירער פון די בורזשואַזנאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען, אין דעם איז די פּפּס, וועלכע פלעגן, פאַרקערט, שטרעבן צו א „פרידלעכער" לייזונג פון די קאָנפליקטן, צו דעם אונטערוואַרפן די קלאַסן־אינטערעסן פון די אַרבעטער די אינטערעסן פון די אונטערנעמערס.

* * *

דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן דרוק האָט באַגלייט אויך דער דרוק אין געביט פון קולטור.

שוין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער געוועזענער פוילישער מעלוכע האָט זיך אָנגעהויבן א קאַמפּאַניע פון פאַרפאָלגונגען קעגן די נאַציאָנאַלע שולן.

דעם 31 יולי 1924 י. איז ארויסגעגעבן געוואָרן דער אזוי־גערופענער „גראַבסקים געזעץ". ער האָט אָנגערירט די וואָיעוואָדסטוועס: לוואָווער, סטאַניסלאַוואָווער, טאַרנאָפּאָלער, וואָלינער, פּאָליעסיער, נאָוואָגרודער, ווילנער, ביאַלאָסטאָקער, גראָדנער און וואָלקאָווישקער. דער טאָן פון דעם דאָזיקן געזעץ איז געווען אין דעם, וואָס אין די ערטער, ווו עס איז געווען ניט ווייניקער ווי 25 פראָצ. ניט־פּוילישע באַפעלקערונג, איז דערלויבט געווען צו שאַפן שולן מיט אַן אונטעררייכט אין דער מוטערשפּראַך.

אָבער אויסנוצנ די רעכט, וואָס דער דאָזיקער געזעץ האָט געגעבנ, איז געווענ שווער.

אָט, אשטייגער, וויאַזוי עס איז געווענ די לאַגע אינ מיזרעך־ווײַס־רוסלאַנד: פונעם מעמאָראַנדום פונ דער „געזעלשאַפט פונ דער ווײַס־רוסישער שול אונ ווײַסרוסישנ קולטור־אופקלערערישנ אינסטיטוט" אַפּנ נאָמענ פונעם בילדונג־מיניסטער איז צו זענ, אַז בײַם עס איז אײַנגע־שטעלט געוואָרנ דער פּוילישער רעזשים אינ מיזרעך־ווײַסרוסלאַנד, איז דאָרט געווענ מער ווי 500 ווײַסרוסישע שולנ; אינ 1922 י. איז פונ זיי געבליבנ בלויז 47 שולנ, אינעמ 1923/24 — 29; אינעם יאָר 1924/25 זײַנענ זיי ליקווידירט געוואָרנ אָדער זײַנענ פאַרביטנ געוואָרנ אַפּ פּוי־לישע שולנ.

נאָכ דעם, ווי עס איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינעם 1924 י. „גראַבּ־סקיס געזעץ" ביזנ 1928 י. איז אָנגעקומענ 1229 מעלדונגענ ווענג עפענענ שולנ מיט דעם אונטעריכט אַפּ דער ווײַסרוסישער שפּראַכ. די דאָזיקע מעלדונגענ זײַנענ געבליבנ ניט רעאַליזירט.

די ווײַסרוסישע אונ די „צווייִשפּראַכיקע" שולנ האָבנ באַטראָפנ 3 פּראָצ. בענעגייע צו די פּוילישע שולנ. אָבער אויכ די דאָזיקע 3 פּראָצ. זײַנענ געבליבנ ווײַסרוסישע נאָר מיט זייער נאָמענ, ווײַל אַפּ דעם אונטע־ריכט פונ דער ווײַסרוסישער שפּראַכ האָט מענ אָפּגעגעבנ 2 — 1 שאָ אינ וואָכ. די מאַכט האָט געקעמפט קעגנ די נאַציאָנאַלע שולנ אויכ דערמיט, וואָס זי האָט ניט באַשטעטיקט קיינ לערער פונ די אונטער־דריקטע נאַציאָנאַליטעטנ.

אינ ענלעכע לאַגע איז געווענ אויכ אינ מיזרעך־אוקראַינע. אינ 1919 יאָר איז דאָרט געווענ 3662 אוקראַינישע שולנ, צום סאָפּ פונעם פּוי־לישנ רעזשים איז פונ זיי געבליבנ אינגאַנצנ 135 שולנ.

אַפילע לויט די אָפיציעלע אָנגאַבנ, וואָס זײַנענ פאַרעפנטלעכט גע־וואָרנ אינעם קליינעמ סטאַטיסטישנ יאָרבוכ פונעם 1938 י., איז אינעם 1936/37 לערניאָר געווענ קינדערשע פּאָרשול־אַנשטאַלטנ: פּוילישע — 1715, אוקראַינישע — 11, ווײַסרוסישע 0; אָנפאַנג־שולנ: פּוילישע — 28 337, אוקראַינישע — 496, ווײַסרוסישע — 8; מיטעלע שולנ: פּוילי־שע — 756, אוקראַינישע — 23; ווײַסרוסישע — 1; הויכשולנ: פּוילי־שע — 24, פונ אַנדערע נאַציאָנאַליטעטנ — 0. עס זײַנענ ליקווידירט גע־וואָרנ אויכ יענע צוועלפ אוקראַינישע קאַטעדרעס, וואָס זײַנענ געווענ באַם לוואָווער אוניווערסיטעט נאָכ פאַר דער עסטרײַכישער מאַכט.

די קאָנסטיטוציע פונעם 1921 י. האָט דעמלט גערעדט וועגן לערנען אומזיסט. די רעדלפירער אָבער פון דער געוועזענער פוילישער מעלוכע האָבן אײַנגעפירט א שול-שטײַער, וואָס האָט באַדאַרפט פאַרגרעסערן דעם ביו־זשעט אף 18 מיליאָן זלאָטעס. דער שטײַער האָט געטראָפן די אומפאַרמעגלעכע און האָט פאַקטיש מיטגעהאָלפן, עס זאָל פאַרגרעסערט ווערן די צאָל ניט-גראַמאָטנע, וואָס זײַנען אין פוילן געווען 6,5 מיליאָן מענטשן.

די אַפיציעלע סטאַטיסטיק האָט א ביסל צוגעפוצט די דאָזיקע ציפערן. זי האָט געוויזן, אז אין 1931 י. זײַנען געווען 5 433 700 מענטשן אינגאַנצן ניט קיין גראַמאָטנע און 1001400 מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט נאָר לייענען, אָבער ניט שרײַבן. די אָפיציעלע סטאַטיסטיק האָט באַוויזן פאַר דעם 1931 י. א דורכשניטלעכן פראָצענט פון ניט-גראַמאָטנעקייט אינעם פאַרנעם פון 23,1. זי האָט אָבער ניט געקאָנט באַהאַלטן דאָס, וואָס דער פראָצענט ניט-גראַמאָטנע האָט זיך באַדײַטנדיק אויפגעהויבן אין די אוקראַאינישע און ווײַסרוסישע ראַיאָנען.

עס איז גענוג אָפצומערקן, אז לויט די יעדיעס פון דער אָפיציעלער טאַקע סטאַטיסטיק איז דער פראָצענט ניט-גראַמאָטנע אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען אין 1931 י. געווען: אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע — 29,1, אין טאַרנאָפּאָלער — 29,8, אין נאָוואָגרודער — 34,9, אין סטאַניסלאַוואָווער — 36,6, אין וואָלינער — 47,8 און אין פּאָליעסער וואָיעוואָדסטווע — 48,4.

אָבער אויך די דאָזיקע ציפערן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס די אסיגנירונגען אף דער פאָלקס-בילדונג זײַנען אלץ קלענער געוואָרן, דאַרף מען רעכענען, אז זיי זײַנען פאַרקלענערטע. דערצו איז נאָך אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען ניט דערלאָזט געוואָרן קיין שום איניציאַטיוו פון דער געזעלשאַפטלעכקייט אין דעם קאַמף פאַר א נאַציאָנאַלער קולטור און אין פראַט אף צו העכערן די גראַמאָטנעקייט. באַזונדערס גרויס איז געווען דער פראָצענט ניט-גראַמאָטנע צווישן דער פרויען-באַפעלקערונג פון די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען.

די הוצאָעס אף די שולן זײַנען אומופהערלעך פאַרקלענערט געוואָרן. אין 1930 י. איז אויסגעגעבן געוואָרן 460 מיליאָן זלאָטעס, אינעם 1934 י. — 193 מיליאָן זלאָטעס. פאַר דער זעלבן פעריאָד צײַט איז די צאָל קינדער באַדײַטנדיק פאַרגרעסערט געוואָרן.

בא א מיליאָן קינדער זײַנען געבליבן אָן א שול. אין די מיזרעך־וואָיעוואָדסטוועס איז 1933 י. האָבן אפילע די אָפיציעלע ציפערן אָנגע־וויזן 24 פראָצ. קינדער, וואָס זײַנען ניט ארומגעכאפט געווען פון דער שול.

וואָס איז שײַעך דער העכערער בילדונג, איז לויט די אָנגאבן פונעם לוואָווער פראָפעסאָר יאן צעכאנאָווסקי, האָבן די פּאָליאקן באטראָפן אין פוילן 64,8% פון דער באפעלקערונג, אָבער געהאט האָבן זיי 77,9% פון אלע סטודענטן. די אוקראַיִנער פון דער אלטער גאליציע האָבן בא־טראָפן 10,4% פון דער באפעלקערונג פון פוילן, געהאט אָבער האָבן זיי אינגאנצן 3% סטודענטן; די איבעריקע אוקראַיִנישע און ווײַסרוסישע באפעלקערונג פון מײַרעוו־אוקראַיִנע און מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, וואָס האָט באטראָפן 11,8% פון דער גאנצער באפעלקערונג, האָט געהאט אינגאנצן 2,8% סטודענטן.

פונדאנען דרינגט ארויס, אז די רעגירונג פון דער געוועזענער פּוילי־שער מעלוכע האָט באוווסטזיניק מאָרמאָזירט דעם וווקס פון דער אינ־טעליגענץ פון די ניט־פּוילישע נאציאָנאליטעטן. נאָך אין 1922 י. איז אי־נעם געזעצ פאָרויסגעזען געווען דאָס עפענען אין פארלויף פון 2 יאָר אן אוקראַיִנישן אוניווערסיטעט. דאָס איז ניט נאָר ניט געווען אויסגעפילט, נאָר אפילע יעדע געזעלשאפטלעכע איניציאטיוו אין דער ריכטונג צו שאפן א העכערן אוקראַיִנישן לערן־אנשטאלט איז דערשטיקט געוואָרן.

וואָס אָנבאלאנגט דער פּערזאָדישער פרעסע, איז לויט דער אָפיציע־לער פּוילישער סטאטיסטיק דעם 31 דעקאבער 1936 יאָר געווען: פּוי־לישע — 2172, אוקראַיִנישע — 116 (פון זיי 19 רעליגיעזע), ווײַסרוסי־שע — 13 (פון זיי 3 רעליגיעזע) פּערזאָדישע אויסגאבעס. דער אופ־שטײַג פון דער נאציאָנאלער באוועגונג אין די י. י. 1938 — 1937 האָט געבראכט דערצו, אז עס זײַנען פארמאכט געוואָרן אסאך פון די דאָזיקע אויסגאבעס. אפילע אין די געבראכטע ציפערן איז צו זען די דערנידעריקטע לאגע פון דער אוקראַיִנישער און ווײַסרוסישער פּערזאָדישער פרעסע.

אין שרעקלעכע באדינגונגען האָט זיך געפונען אין די נאציאָנאלע ראיאָנען די געזונט־אָפהיטונג. אזוי איז אין 1928 י. געווען 672 שפּי־טאָלן מיט 58 836 קראנקען־בעטלעך. אין מעשעך פון קימאט 10 יאָר (צום 1937 י.) איז די צאָל שפּיטאָלן פארקלענערט געוואָרן ביז 669, דערפאר אָבער איז די צאָל קראַנקען־בעטלעך פארגרעסערט געוואָרן

ביז 72 247. קיין נײַע בויונג איז קימאַט ניט געווען. די פּאַרגרעסערונג פון דער צאָל בעטלעך איז דערגרייכט געוואָרן דערהויפּט אַפּן כּעזשבן פון ענגער מאַכן די עקזיסטירנדיקע שפּיטאָלן, ד.ה. עס איז פּאַרערגערט געוואָרן זייער סאַניטאַרער צושטאַנד, באַזונדערס אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען: אַפּ יעדע 10 טויזנט פון דער באַפעלקערונג אין ווילנער וואָיעוואָדסטווע איז געווען 17,4 קראַנקען-בעטלעך, אין ביאַלאָסטאָקער — 13, אין סטאַניסלאַוואָווער — 8,3, אין פּאָליעסער — 7, אין טאַרנאָפּאָלער — 5,6, אין נאָוואָגרודער — 5,5, און אין וואָלינער — אינגאַנצן 4,9 קראַנקען-בעטלעך.

דאָס ווײַזט בוילעט, ווי ווײַט גרינגשעצנדיק איז געווען די באַציִונג פון דער רעגירונג פון דער געוועזענער פּוילישער מעלוכע צום לעבן און צום געזונט פון דער באַפעלקערונג פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן.

## קאַפּיטל V

## די געוועזענע פּוילישע מעלוכע — אַ געווער פונעם פּוילישן אימפּעריאַליזם

דער פּאָליטיק פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג האָט אַנטשפּראָכן אויך דער מעלוכע-בוי פון פּוילן.

די געוועזענע פּוילישע מעלוכע איז געווען אַן אוניטאַרע מעלוכע. אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט איז זי געווען צעטיילט אַפּ 17 וואָיעוואָדסטוועס, וואָס זײַנען אין זייער ריי געווען צעטיילט אַפּ 264 אויעזדן (פּאָוויאַטן). טראָץ אירע צווישנפעלקערלעכע פאַרפליכטונגען האָט די געוועזענע פּוילישע מעלוכע ניט אַנערקענט קיין שום אויטאָנאָמיע און זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די נאַציאָנאַליטעטן. די אוקראַיִנישע ערדן האָבן זיך באַשעמט גערופן „קליין-פּוילן“.

מע האָט ניט געקאָנט ריידן אויך וועגן אַ ווירקלעכער זעלבסטפאַרוואַלטונג אַפּ די ערטער. אַפילע די אַזויגערופענע „דעמאָקראַטישע“ קאָנסטיטוציע פונעם 1921 יאָר האָט אינעם אַרטיקל 67 גערעדט וועגן דעם, אַז די אויספיר-אָרגאַנען פון דער „זעלבסטפאַרוואַלטונג“ אַרבעטן אונטער דער אָנפירונג פון דער אַדמיניסטראַציע. פאַקטיש האָבן זיי ניט געקאָנט צוטרעטן צו דער אַרבעט, ניט באַקומענדיק קיין סאַנקציע פון דער אַדמיניסטראַציע.

דאָס איז געווען אַן אַדמיניסטראַטיווע סיסטעם, וואָס איז געווען ענלעך צו דעם צאַרישן רוסלאַנד, ווו די „זעלבסטפאַרוואַלטונג“ איז געווען אונטער דער אויפזיכט פונעם גובערנאַטאָר, און באַ עסטרייך, ווו די „זעלבסטפאַרוואַלטונג“ איז אויך געווען אונטער דער אויפזיכט פון די פאַרשטייער פון דער צענטראַלער מאַכט — די שטאַטהאַלטערס.

פאַקטיש זיינען די גמינעס, אויעזדישע און וואָיעוואָדישע סיימיקעס פאַרוואַלטעט געווען פון די אונטערגעשטעלטע פון דער מעלוכע מענטשן. איבער זיי אַלע, אין די גרענעצן פון דער וואָיעוואָדסטווע, איז געשטאַנען דער וואָיעוואָדאַ.

אין משך פון צוואַנציק יאָר איז געפירט געוואָרן אַ פּאָלסיפיקאַטאָרישע אַרבעט בייס די וואַלן אין די „זעלבסטפאַרוואַלטונגען“, עס איז געפירט געוואָרן אַ פּאָליטיק צו פּאָלאָניזירן זיי.

דערביי האָבן זיך די אוקראַינישע און ווייסרוסישע מאַנדאַטן געפונען אין די הענט פון די בורזשואַז־פּאָלעגופישע עלעמענטן. די אוקראַינישע בורזשואַז־פּאָלעגופישע פּאַרטיי „אונדאָ“ האָט אָפּ די וואַלן אין די אַזויגערופענע „זעלבסטפאַרוואַלטונגען“ אָפּט אָפּגעמאַכט מיט די פּילסודטשיקעס, וויאַזוי צו פאַרטיילן די מאַנדאַטן. די „וואַלן“ זיינען געווען אַ פיקציע. דערמיט אַליין האָט „אונדאָ“ מיטגעהאָלפן דער פּאָלאָניזאַציע פון די „זעלבסטפאַרוואַלטונגען“. אין רעזולטאַט פון די אָפּמאַכונגען מיט די פּילסודטשיקעס זיינען אין דער שפּיץ פון די „פאַרוואַלטונגען“ אין די ריין אוקראַינישע ראַיאָנען געשטעלט געוואָרן פּוילישע „אָסאַדניקעס“ און דעסגלייכן פּאָלאָניזאַטאָרישע עלעמענטן.

די צוואַנג־פּאָלאָניזאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן אויך דורך אַלערליי אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן אַ שייכעס צו די וואַלן.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די „וואַלן“ פון די נידעריקע אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען איז, אַשטייגער, די פאַראָרדענונג פונעם אינערן־מיניסטער פאַרן 8 אָקטיאַבער 1936 יאָר וועגן דעם סיידער פון די וואַלן פון די סאָלטיסן און פון די אונטערסאָלטיסן 1) ; „§ 2 .1) אַן אויסגעווילטער פאַר אַ סאָלטיס אָדער אונטערסאָלטיס קאָן זיין יעדער פּוילישער בירגער אָן אונטערשייד פון געשלעכט, וואָס איז איז געוואָרן דרייסיק

---

1 סאָלטיסן — דאָרף־סטאַראָסטעס, אונטערסאָלטיסן — געהילפן פון דאָרף־סטאַראָסטעס.

יאָר צום טאָג, ווען עס איז ארויסגעגעבן געוואָרן די פאַראָרדענונג וועגן די וואלן, און וואָס האָט אפּן סמאך פון דעם ארטיקל 3 פונעם געזעץ אומיטלבארע וואלרעכט אפ דער טעריטאָריע פון דער געגעבענער דאָרפישער געזעלשאפט און וואָס קאָן רײדן און שרײַבן פּויליש".
(מײַן אונטערשטריך — אי. ט.) 1)

די צוואנג-פּאָלאָניזאציע איז פארשפרייט געוואָרן אויך אפ דער פירונג פון די געריכט-פּראָצעסן — פונדאָרט זײַנען ארויסגעטריבן געוואָרן די מוטערשפראכן פון די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטן.

מיטן גאנצן מעלוכע-אפּאראט אין די „קרעסן" האָבן אָנגעפירט משיגאָוניקעס, וואָס זײַנען פארווערבירט געוואָרן פון „אייגענע מענטשן". דער דאָזיקער אפּאראט איז געווען א פארקויפטער, כאַבאַרנעמערישער. סקאנדאלן, פארבונדענע מיט קאָרופּציעס, האָבן זיך אָנגעהויבן שוין גלײַך פון אָנהייב אָן, ווי עס איז אופגעקומען די געוועזענע פּוילישע מעלוכע, און זיי האָבן ניט אופגעהערט ביז איר צעפאלונג. עס האָבן געגאנוועט און גענומען כאבאר די מיניסטאָרן, די וואָיעוואָדעס, ביז די סאמע קלײנע וואָלאָסט-משיגאָוניקעס. דאָס איז געווען א פוילער אפּאראט, וואָס האָט געהאסט די דעמאָקראטיע און האָט מיט פאראכטונג געקוקט אפ די אונטערדריקטע נאציעס.

אנטשפּרעכיק צו אזא ווילקיר, זײַנען כאראקטעריסטיש אויך די ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע פון דער געוועזענער פּוילישער מעלוכע.

די ערשטע פּוילישע קאָנסטיטוציע איז באשטעטיקט געוואָרן דעם 17 מארט 1921 י. זי האָט פּראָקלאמירט, אז „די אויבער-מאכט... געהערט דעם פאָלק" (ארטיקל 2), אז „קיין איין געזעץ קאָן ניט ארײַנגיין אין קראפט אָן דער באוויליקונג פונעם סיים" (ארטיקל 3), אז „אלע בירגער זײַנען גלײַך פארן געזעץ" (ארטיקל 96). פארשטייט זיך, די קאָנסטיטוציע האָט אויך פּראָקלאמירט פערזענלעכע פרײַהײַט פון די בירגער (ארטיקל 97), אומבארירלעכקײַט פון דער וווינונג (ארטיקל 100), פרײַהײַט פון וואָרט (ארטיקל 104), פרײַהײַט פון פרעסע (ארטיקל 105), פרײַהײַט פון פארזאמלונגען און פארײנען (ארטיקל 108), די פרײַע אנטוויקלונג פון די נאציאָנאלע מינ-

1 פונעם „טאָגבוך פון די געזעצן פון דער פּוילישער רעפּובליק", נומ. 81, 1936 י., ארטיקל 558.

דערהײמנ (ארטיקל 109) און אנדערע „פריװילעגן‟, װאָס בילדן דעם אפאַראַט פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע.

די דאָזיקע רעכט האָבן אָבער עקזיסטירט נאָר אױף פּאַפּיר. אין דער פּראַקטיק זײַנען זײ ניט פאַרװירקלעכט געװאָרן.

די קאָנסטיטוציע האָט אונטערגעשטראָכן, אַז „יעדערלײ פאָרם פון אײגנטום... איז אײנער פון די װיכטיקסטע יסודות פון דער געזעל־שאַפטלעכער אָרדענונג און פונעם רעכט־רעזשים‟ (ארטיקל 99).

אין א לאַנד, װוּ די איבערװעגנדיקע באַפעלקערונג איז דאָס פּױער־טום, האָט די קאָנסטיטוציע ניט געקאָנט פאַרבײַגײן די פראַגע װעגן פּױערטום און די פראַגע װעגן דער ערד. זי האָט פּראָקלאַמירט, אַז „די ערד... קאָן ניט זײַן קײן אָביעקט פון אומבאַגרענעצטע געשעפט־אָפּמאַכונגען‟ (ארטיקל 99), זי האָט צוגעזאָגט ספּעציעלע געזעצן װעגן רעפאָרמעס, און גלײַך אױף אָרט מאַכט האָט זי, קעדײ צו פאַרשטאַרקן דאָס פּריװאַט־אײגנטום, אונטערגעשטראָכן, אַז „די אײַנאָרדענונג פון דער לאַנדװירטשאַפט אין דער פּױלישער רעפּובליק דאַרף זיך באַזירן אױף לאַנדװירטשאַפטלעכע אײנסן, װאָס זײַנען פעיִק צו פירן ריכטיק די פּראָדוקציע און װאָס זײַנען א פּריװאַט־אײגנטום פון די בירגער‟ (אר־טיקל 99).

דאָס שאַפן צוגלײַך מיט די גומבאַזיצער א ברײטן שיכט פּױערים־באַלעבאָטים, אלס א סאָציאַלן אָנשפּאַר פאַר דער פּױלישער מעלוכע, קעגן דער אָרעמשאַפט און קעגן די באַטראַקן, איז געװען די װיכטיקס־טע שטרעבונג פון די שעפער פון דער ערשטער פּױלישער קאָנסטיטו־ציע.

פאַלנדיק, אַז זײער הערשאַפט דראָט די אַלץ אָנװאַקסנדיקע כװאַליע פון דער רעװאָלוציע, האָבן די בורזשואַזיע און די פּריצים שױן אין די ערשטע באַראָשים פון דער עקזיסטענץ פון דער געװעזענער פּױלי־שער מעלוכע, זיך באַמיט פאַטער צו װערן פון דער דעמאָקראַטיע. דער קריזיס, װאָס האָט זיך צעװיקלט, האָט גיך באַגראָבן אױך די ערשטע קאָנסטיטוציע פון דער געװעזענער פּױלישער מעלוכע. דאָס איז געשען, ניט געקוקט אױף דעם, װאָס אינעם ארטיקל פון דער קאָנסטיטוציע װעגן איבערקוקן זי איז געװען א פּונקט, װאָס אין אים איז געזאָגט געװען, אַז „אין 25 יאָר אַרום, נאָך דעם װי די דאָזיקע קאָנסטיטוציע איז באַשטעטיקט געװאָרן, דאַרף דער קאָנסטיטוציאָנעלער געזעץ איבערגע־קוקט װערן דורך א פאַשעטער מערהײט פונעם סײם און פונעם סע־

נאַט, וואָס זײַנען צוליב דעם דאָזיקן ציל פּאַרייניקט אין אַ נאַציאָנאַ־לער פּאַרזאַמלונג" (אַרטיקל 126).

נישט אין 25 יאָר אַרום, נאָר אין 5 יאָר אַרום, אין מײַ 1926 י., האָט פּילסודסקים איבערקערעניש אָפּגעשאַפֿט דעם רעזשים פֿון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט אויך ביז דעמלט עקזיסטירט נאָר נאָמינאַל.

פּילסודסקי האָט אַראָפּגעוואָרפֿן די רעגירונג פֿונעם פּרעזידענט וואָי־צעכאָווסקי, האָט באַשטימט אַ רעגירונג פֿון זײַנע אָנהענגער און האָט דורכגעפֿירט אַלס פּרעזידענט זײַן פּראָטעזשע מאָסציצקין. דעם פּרעזי־דענט פֿון דער רעפּובליק איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט אַרויסצוגעבן באַפֿעלן, וואָס האָבן פּאַקטיש פּאַרביטן די געזעצן. דער סיים האָט אויפֿגעהערט צו שפּילן אַ וואָכער ניט איז באַמערקלעכע ראָליע. ער איז געבליבן אַ דעקאָראַטיווער אַנשטאַלט.

פּילסודסקים איבערקערעניש האָט געבראַכט צו דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער עקספּלואַטאַציע פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס און פֿון די פּויערשע מאַסן, צו דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער אונטערדריקונג פֿון די נישט־פּוילישע פֿעלקער.

אָפּן סמאַך פֿון דער נײַער אָרדענונג איז דעם 23 אַפּרעל 1935 י. געשאַפֿן געוואָרן אַ נײַע קאָנסטיטוציע.

אין דער אַלטער קאָנסטיטוציע האָבן די אַזױגערופֿענע „אַלגעמיינע פּליכטן און רעכט פֿון די בירגער" פֿאַרנומען לעערעך אַ גרויסן אָפּ־טייל (דעם פֿינפֿטן). די נײַע קאָנסטיטוציע פֿון 1935 י. האָט לאַקאָניש דערקלערט, אַז „די מעלוכע זיכערט די בירגער די מעגלעכקײַט צו אַנט־וויקלען זייערע פּערזענלעכע פּאָזיטיווע מײַלעס". אָבער דאָ טאַקע האָט זי צוגעגעבן, אַז „די גרענעץ פֿון די דאָזיקע פֿרײַהײַטן איז דער אַלגע־מיינער ווויל" (אַרטיקל 5, פּונקטן 2 און 3), ד. ה. פּאַקטיש דער ווויל פֿון די גוטסבאַזיצער און פֿון דער בורזשואַזיע, וואָס איז אידענטיפֿי־צירט געוואָרן מיט דעם „אַלגעמיינעם ווויל".

אין העסקעם מיט דער קאָנסטיטוציע דאַרף די מעלוכע שטעלן אויסער דער געזעלשאַפֿט יעדערן, וואָס דערווידערט אירע שטרעבונגען. „אין פֿאַל פֿון ווידערשטעלן זיך ווענדעט די מעלוכע אָן צוואַנגס־מיט־לען" (אַרטיקל 10, פּונקט 2).

דאָס איז געווען אַ געזעצגעבערישע פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דעם ווילקיר

פון דער רעגירונג אין איר דערשטיקן די אַרבעטנדיקע און די אונטער־דריקטע נאַציאָנאַליטעטן.

דעם פּרעזידענט און דער רעגירונג איז געגעבן געוואָרן די ברייטס־טע פולמאַכטן צו דערקלערן אויסנאַמ־און קריגס־צושטאַנד ניט נאָר אין פאַל פון א „סאַקאַנע פון אויסן“, נאָר אויך „אין פאַל פון אינער־לעכע אומאָרדענונגען“, וואָס איז באַזונדערס זייער ברייט אָנגעווענדעט געוואָרן ביים די „פּאַציפיקאַציעס“ פון די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען.

לויט דער נייער קאָנסטיטוציע האָט די אויבער־מאַכט געהערט שוין ניט דעם פאָלק, נאָר דעם פּרעזידענט, וואָס איז זיין פּערזאָן איז קאָנ־צענטרירט געוואָרן „די איינהייטלעכע און אומטיילבארע מעלוכישע מאַכט“ (ארטיקל 2, פּונקט 4). דער פּרעזידענט, פּונקט ווי א מאָנארך, קאָן אָנמערקן זיך א נאָכפאָלגער. ער איז אומפאַראַנטוואָרטלעך, ווייל לויט דער קאָנסטיטוציע איז ער פאַראַנטוואָרטלעך נאָר „פאַר גאָט און פאַר דער געשיכטע“ (ארטיקל 2, פּונקט 2).

דער פּרעזידענט איז אָבער נאָר פאָרמעל געווען די ערשטע פיגור פון דער מעלוכע. אינדערעמעסן איז לויט דער טראַדיציע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט, איז דער ערשטער דיקטאַטאָר אין דער מעלוכע געווען דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון דער ארמיי (דער פּאָסטן, וואָס פריער האָט אים פאַרנומען פּילסודסקי און נאָך זיין טויט דער מאַר־שאַל רידז־סמיגלע). פאָרמעל האָט לויט דער וויכטיקייט פונעם פּאָסטן דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון דער ארמיי זיך גערעכנט פאַר דער צווייטער פּערזאָן נאָכן פּרעזידענט. דער געוועזענער פּרעמיער סלאַוווי־סקלאַדקאָווסקי האָט אין זיין באַפעל, וואָס האָט געמאָלדן וועגן רידז־סמיגלעס אָנקומען אפן פּאָסטן, דערקלערט, אז רידז־סמיגלע „איז דער ערשטער מיטהעלפער פונעם פּרעזידענט אינעם רעגירן איבערן לאַנד“. רידז־סמיגלע, וואָס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון פאַרשיידענע רעאַקציאָנערע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס („לעגיאָנערן־פאַרבאַנד“, „פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע“, „שיסער“ און אנד.), האָט דיק־טירט זיין ווילן אי דעם פּרעזידענט, אי דער רעגירונג.

דער סענאַט איז באַשטאַנען פון 96 סענאַטאָרן, וואָס איין דריטל זייערע איז באַשטימט געוואָרן פונעם פּרעזידענט. די איבעריקע זיינען „אויסגעוויילט“ געוואָרן פון פּערזאָנען ניט יינגער פון 30 יאָר, וואָס האָבן געהאַט „פּערזענלעכע פאַרדינסטן פאַר דער מעלוכע“ (די אָנהענגער פון די פּילסודטשיקעס, באַשענקטע מיט אָרדענס און ד. גל.), וואָס

האָבן געהאַט העכערע ציווילע, מיליטערישע און אַנדערע בילדונג, פֿער־זאָנען, וואָס זײַנען געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿון פֿאַרשײדענע פּאַט־ריאָטישע געזעלשאַפֿטן, א. אַז. וו.

אַזוי־אַרום זײַנען פֿון די וואַלן אין סענאַט באַזײַטיקט געוואָרן די ברייטע פֿאָלקס־מאַסן.

לויט די פּוילישע אָנגאָבן זײַנען אין באַשטאַנד פֿונעם סענאַט אַרײַנ־געגאַנגען לויט די פּראָפֿעסיעס: ערדבאַזיצער — 22, אינדוסטריעלער און סאָכדים — 6, באַלמעלאָכעס — 1, באַאַמטע — 11, אַמט־פּערזאָנען פֿון דער אַרמיקער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג — 3, אָנגעשטעלטע פֿון פּריוואַ־טע אונטערנעמונגען — 6, פּראָפֿעסאָרן — 9, לערער — 2, אָפּיצערן — 4, גאַלאָכים — 1, אַדוואָקאַטן און נאָטאַריוסן — 4, דאָקטוירים — 4, זשורנאַליסטן און שרײַבער — 5, די איבעריקע — 18.

אינעם סענאַט איז ניט געווען קיין איין אַרבעטער. און עס איז נאַ־טירלעך, וואָס די אַזוי־גערופֿענע פּערזאָנען פֿון „פֿרײַע פּראָפֿעסיעס", באַאַמטע, אָפּיצערן און אַנד., האָבן אָנגעקערט צו די צוויי קאָמאַנדירנ־דיקע קלאַסן: צו דער בורזשואַזיע און צו די גוטבאַזיצער.

דער סיים איז באַשטאַנען פֿון 208 דעפּוטאַטן. דער עלטער־צענז פֿאַר די וויילער איז געווען געהעכערט פֿון 21 יאָר ביז 25 יאָר. קעדיי זײַן אויסגעוויילט אין סיים, האָט מען באַדאַרפֿט זײַן ניט יינגער פֿון 30 יאָר. די רעגירונג איז געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך ניט פֿאַרן סיים, נאָר פֿאַרן פּרעזידענט. דער סיים איז געווען בלויז אַ ביוראָקראַטישער „פּלוידערנדיקער" צוגאָב צום אַפּאַראַט פֿון די באַאַמטע.

אַרויסטרעטונגען אין סיים זײַנען דערלויבט געוואָרן נאָר אויף פּויליש. די אוקראַינער און די ווײַסרוסן זײַנען געגעבן געוואָרן „להאַטעס" בלויז אין דער הינזיכט, וואָס זיי האָבן געמעגט אויף פּויליש טאַקע לייענען פֿון פּאַפּיר. דאָס באַטײַט, אַז מיט פֿאַסיווע רעכט (ד. ה. מיט די רעכט צו זײַן אויסגעוויילט אַלס דעפּוטאַט) האָט געקאָנט זיך באַנוצן נאָר דער, וואָס האָט פֿאַרהעלטניסמעסיק גוט געקענט די פּוילישע שפּראַך.

די סיימען זײַנען „אויסגעוויילט" געוואָרן בײַ דעם אָפֿענעם דרוק פֿונעם מעלוכישן אַפּאַראַט מיטן ציל ניט צו דערלאָזן ניט קיין געוווּנ־טשענע קאַנדידאַטן און דורך פֿאַלסיפֿיצירן די רעזולטאַטן פֿון די וואַלן.

דער סיידער פֿון די „וואַלן" איז געווען אַזאַ. אין יעדן וואַל־קרײַז זײַ־נען געשאַפֿן געוואָרן וואַל־קאָמיסיעס, וואָס האָבן אָנגעמערקט קאַנדי־

דאַטנ. דער באַשטאַנד פונ די קאָמיסיעס האָט שוינ פאָרויס באַשטימט אויכ דעמ באַשטאַנד פונ די קאַנדידאַטנ. די דאָזיקע קאָמיסיעס זײַנענ באַשטאַנענ: 1) פונ פאָרשטייער פונ אָרטיקע „זעלבסטפאַרוואַלטונגענ“, אינ וועלכע סע האָבנ קאָמאַנדעוועט וואָיעוואָדעס, סטאַראָסטעס אונ אנד., ד. ה. דירעקטע פראָטעזשע פונ דער צענטראַלער רעגירונג; 2) פונ די פאָרשטייער פונ די האַנדל- אונ אינדוסטריע-פּאַלאַטעס, פונ די לאַנדווירטשאַפטלעכע אונ געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פונ דער בורזשואַזיע; 3) פונ פאָרשטייער פונ די פאַרוואַלטונגענ פונ די פראָ-פאַריינענ, וואָס האָבנ עקזיסטירט ניט ווייניקער ווי דרײַ יאָר. פאַקטיש האָט דאָס געהאַט א שײַכעס נאָר צו די געלע, צו די „פּאָליטיש-זיכערע“ נאַציאָנאַליסטישע פראָפאַריינענ.

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש זײַנענ געווענ די „וואַלנ“ אינ סיימ אינעמ 1935 י. אפילע די פּעפּעסאָווצעס אונ בונדאָווצעס האָבנ גע-רופנ צו בויקאָטירנ די וואַלנ. די אָפיציעלע ציפערנ האָבנ געוויזנ, אז אינ די וואַלנ האָבנ זיכ באַטייליקט 46 פראָצ. ווייַלער, ביים אפילע די פּע-פּעסאָווצעס האָבנ געשריבנ וועגנ דעמ, אז אינ די וואַלנ האָבנ זיכ באַטייליקט נאָר 30 — 27 פראָצ. ווייַלער.

לויט די אָנגאַבנ פונ די פּוילישע קוועלנ זײַנענ די דעפּוטאַטנ אינ סיימ געווענ לויט זייערע פראָפעסיעס: ערדבאַזיצער — 71, אינדוסטריע-לער אונ הענדלער — 11, באַלמעלאָכעס — 3, באַאַמטע — 15, אַמט-פערזאָנענ פונ די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונגענ — 22, אָנגעשטעלטע פונ פּריוואַטע אונטערנעמונגענ — 14, לערער — 12, אָפיצערנ — 3, גאַ-לאָכים — 4, אַדוואָקאַטנ אונ נאָטאַריוסנ — 14, דאָקטוירים — 7, זשור-נאַליסטנ אונ שרײַבער — 10, די איבעריקע — 20.

ווי אינעמ סענאַט, אזוי אויכ דאָ, איז ניט געווענ קיינ איינ ארבע-טער. וואָס איז שײַכ דער איבערוועגנדיקער מערהײַט פונ די סיימ-דעפּוטאַטנ, איז דאָס אינ די באַדינגונגענ פונעמ פריצישנ פּוילנ געווענ פערזאָנענ, וואָס האָבנ אָנגעקערט צומ קלאַס גרויסבאַזיצער אָדער בור-זשואַזיע.

פונ די נאַציאָנאַלע בורזשואַזנע אָרגאַניזאַציעס האָט בלויז די אוקראַי-נישע בורזשואַזנע פּאַרטיי „אונדאָ“ זיכ באַטייליקט אינ די וואַלנ, שליסנ-דיק פריער אנ אָפּמאַכ מיט די פּילסודטשיקעס. די אוקראַינישע בורזשוא-זיע האָט זיכ אָפּגעגעבנ א כעזשבנ אינ דעמ, וואָס עס פירנ די ניט-באַהאַלטענע סימפּאַטיעס פונ די אוקראַינישע מאַסנ צו פססר. זי האָט

דעריבער געשטרעבט ווי סע ניט איז זיכ צונויפרייד̣נ מיט דער פּוילישער רעגירנדיקער כאַפּטע. דער פּוילישער מיניסטער קאָסציאַלאָווסקי איז ספּעציעל געקומענ צו פאָרנ קיינ לוואָוו, קעדיי צו געבנ „די געהעריקע פאָרמ“ דעמ אָפּמאַכ מיט די אונדאָווצעס, וואָס האָבנ אינ דער פאַרשטענדיקונג זיכ פאַרפּליכטעט „פאַר די שנעל רײַפּ וועדנדיקע גרויסע אונ ווײַטגייענדיקע וועלט=געשעענישנ... נאָרמאַליזירנ אַפּ ווײַטער די פּויליש=אוקראַיִנישע קעגנזײַטיקע באַציִונגענ, אָרגאַניזירנ אַרבעטנ אַפּ דער דאָזיקער נאָרמאַליזאַציע אינ די געזעצגעבערישע אַנשטאַלטנ“.

אַפּ די וואַלנ אינ סיימ אינעמ יאָר 1935 האָט די רעגירונג באַקומענ אינ די „קרעסנ“ לעערעכ מער שטימענ, ווי אינ די גרונטיקע פּויליש ראַיאָנענ. אַזוי האָט אינ לאָדז דאָס רעגירונג=צעטל באַקומענ אינגאַנצנ 13 פּראָצ. שטימענ, אינ וואַרשע — 23 פּראָצ. אונ אינ די „קרעסנ“ — ביז 40 פּראָצ. דאָס דערקלערט זיכ, ערשטנס, מיטנ דרוק פונעמ מעלוכע=אַפּאַראַט, וואָס האָט אינ די „קרעסנ“ זיכ אַרויסגעוויזנ אויסערסט ווילקירלעכ; צווייטנס, דערקלערט זיכ דאָס מיט דער גראָבער פאַלסיפיקאַציע פונ די וואַלנ אינ אַסאַכ נאַציאָנאַלע ראַיאָנענ, אונ דריטנס — מיטנ פאַראַט פונ „אונדאָ“, וואָס האָט מיטגעצויגנ נאָכ זיכ די באַלעגופּישע אונ באַזונדערע ניט=שטאַנדהאַפטיקע שיכטנ פונ דער אוקראַיִנישער באַפעלקערונג.

אַלס באַלוינונג האָט די אוקראַיִנישע בורזשואַזיע באַקומענ 14 ערטער אינ סיימ (פונ 208). לויטנ סאָציאַלנ באַשטאַנד איז געווענ דעפּוטאַטנ=אוקראַיִנער: אַדוואָקאַטנ — 6, זשורנאַליסטנ — 5, גאַלאָכימ — 1, „פּויערימ“ (באַלעגופּימ) — 2. צווישנ די אוקראַיִנער איז ניט געווענ קיינ איינ אַרבעטער.

די הרײַ=מיליאָניקע ווײַסרוסישע באַפעלקערונג האָט ניט געהאַט קיינ איינ דעפּוטאַט אינעמ סיימ.

די ייִדנ האָבנ באַקומענ אינ סיימ פיר ערטער. לויטנ סאָציאַלנ באַשטאַנד זײַנענ דאָס געווענ: איינ פאַבריקאַנט פונ לאָדז, איינ סויכער פונ וואַרשע, א ראָוו אונ אַנ אַדוואָקאַט פונ לוואָוו.

פּילסודסקי האָט זיכ געביינדלט מיט די עקסטרע רעאַקציאָנערע ייִדישע פּאַרטייענ. ער האָט אַפילע צונויפגערופנ צוזאַמענפאָרנ פונ „כאַסידימ“ (ד. ה. קלעריקאַלנ), קעדיי זײַנ געזיכערט, אַז זיי וועלנ אימ שטיצנ. אונ אינ דער זעלבער צײַט, נאָכגעבנדיק די „נאַראָדאָווצעס“, האָבנ די פּילסודטשיקעס געפירט א בייזע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק,

וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין פּאָגראָמען בײַ דער מיטווירקונג פון דער אַדמיניסטראַציע.

יידן זײַנען ניט נאָר ניט צוגעלאָזט געוואָרן אין די מעלובישע אַנשטאַלטן, נאָר אין האַרבסט 1937 יאָר האָט די פּוילישע רעגירונג אָפיציעל אַרויסגעגעבן קלאַלים פאַר דער אינערלעכער אָרדענונג אין די הויכשולן, לויט וועלכע פאַר די סטודענטן־יידן זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן אין די אַאודיטאָריעס און אין די לאַבאָראַטאָריעס ספּעציעלע ערטער.

די בעקן, די מעדזינסקיס (מעדזינסקי — א מיניסטער, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר א גאַנעוו, איז געווען דער וויצע־פּרעזידענט פון סיים) זײַנען אַרויסגעטראָטן מיטן פאָרשלאָג וועגן אָרגאַניזירן א מאַסן־עמיגראַציע פאַר יידן פון פּוילן.

די געוועזענע פּוילישע מעלוכע איז געבויט געוואָרן ווי א מעלוכע פון מיליטער־פעאָדאַלישן אימפּעריאַליזם, אין וועלכער די מאָנאָפּאָל פון דער מ י ל י ט ע ר י ש ע ר ק ר א פ ט „...דערגאַנצט טיילווײַז און טיילווײַז פאַרבײַט די מאָנאָפּאָל פונעם הײַנטצײַטיקן, נײַסטן פינאַנסיעלן קאַפּיטאַל“. 1)

* * *

דער שווערער נאַציאָנאַלער דרוק האָט אַרויסגערופן אַן אומופהערלעכן פּראָטעסט בײַ די ברייטע מאַסן פון דער אוקראַינישער און ווײַס־רוסישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט מיט האָפענונג געקוקט אויף יענער זײַט גרענעץ, צו דער זײַט פונעם סאָוועטנלאַנד.

וויפל עס האָבן זיך ניט געפלײַסט די פאַרשיידענע „אונדאָ“ און פאַרשיידענע אַנדערע בורזשואזע אָרגאַניזאַציעס אין מערעוו־אוקראַינע און מערעוו־ווײַסרוסלאַנד אײַנצוהאַלטן די מאַסן פון אַרויסטרעטונגען, האָט זיך זיי דאָס ניט אײַנגעגעבן. די אומרוען און די אופשטאַנדן אין די נאַציאָנאַלע ראַיאָנען האָבן ניט אופגעהערט. די פויערים האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן שטײַערן, די רעשטן כוויועס. עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט א פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג (אין וואָליניע אין 1932 י.). עס זײַנען געשאַפן געוואָרן פויערשע אָטריאַדן פון זעלבסטשוץ קעגן

---

1 ל ע נ י נ, ווערק, ב. XIX, ז. 310 — 309 (רוס.).

די „פּאַציפיקאַציאָנעלע" אָנפאַלן פון דער פּוילישער מיליטערישער מאַכט.

די רעגירונג האָט געשטיצט די אומצופרידנקייט פון די מאַסן מיט ברוטאַלע רעפּרעסיעס, מיט „פּאַציפיקאַציעס". די דערשטיקונג איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַף אַ „וויסנשאַפטלעכער" באַזע. עס איז אַפּילע געשאַפן געוואָרן אַ „קאָמיסיע פאַר וויסנשאַפטלעכער אויספאָרשונג פון די ראַנד־געגנטן אין פּוילן". דער פּאָרזיצער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע אינעם 1936 יאָ. איז געווען דער קריגס־מיניסטער גענעראַל קאַספּשיצקי.

אין אַ געשפּרעך מיט די מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע „פּאָלסקאַ זברוינאַ" האָט דער גענעראַל קאַספּשיצקי אַף אַזאַ אופן איבערגעגעבן די רעזולטאַטן פון זיינע „וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען": „דער מיזרעך פון פּוילן שטעלט מיט זיך פאָר אַן עטנישע מאָזאַיקע. אַכוץ די גרופּעס, וואָס מער אָדער ווייניקער קריסטאַליזירן זיך אויס נאַציאָנאַל, האָבן מיר דאָרט און אַמאָרפישע מאַסע באַפעלקערונג, וואָס פאַרמאָגט בלויז שוואַכע סימאָנים פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין. אַ טייל פון דער דאָזיקער מאַסע שטייט אַפן ניוואָ פון דער אוראַלטער פּרימיטיווער קולטור, נאָר איצט געפינט זי זיך אין צושטאַנד פון זוכן אַ העכערע קולטור. איך פרעגט מיך, וואָסערע אויספירן דאַרפן געמאַכט ווערן פון דעם? איך וועל ענטפערן אָפנהערציק: מיר דאַרפן מיט דער גאַנצער גערזעלשאַפט זיך אָ לאָז טון אַף מיזרעך. פּונקט אַזוי ווי מיר האָבן געקעמפט מיט געווער אין די הענט פאַר די מיזרעכדיקע טעריטאָריעלע באַזיצן פון פּוילן, דאַרפן מיר איצט, אינעם פריזאָד פון שאָלעמ, אַרבעטן אין זיי אַף איינצופלאַנצן זיי אינגאַנצן די פּוילישע קולטור, פאַרפעסטיקן מיט גייסטיקע און עקאָנאָמישע דערגרייכונגען דאָס, וואָס איז דעראָבערט געוואָרן מיטן שווערד".

באַנגנעטן, טליעס, פּייניקונגען, שמיץ און טורמעס זיינען געווען די גרונט־מאַכשירים פון דער „ציוויליזאַטאָרישער" טעטיקייט פון דער געוועזענער פּוילישער רעגירונג אין די „קרעסן".

אַ בוילעט בילד פון די רעזולטאַטן פון דער „פּאַציפיקאַציע" מאָלט די פּעטיציע, וואָס עס האָבן דערלאַנגט 61 מיטגלידער פונעם בורזשואַזן ענגלישן פּאַרלאַמענט, וועלכע מע קען, אגעוו, ניט באַשולדיקן אין איבערטרייבונג. אין זייער פּעטיציע האָבן זיי געשריבן:

„עס זיינען אָפּגעשיקט געווען שטראָף־עקספּעדיציעס אין 700 דער־

פער. הונדערטער פרידלעכע איינוווינער און קינדער זיינען געשלאָגן געוואָרן, טויזנטער מענטשן זיינען פארשפארט געוואָרן אין די טורמעס. א גרויסע צאָל ביבליאָטעקן, פאריינען און קאָאָפּעראטיווע קראָמען זיינען צערויבט און פארניכטעט געוואָרן... אינעם גאנג פון די לעצטע וואלן זיינען די אוקראינער געווען אזוי טעראָריזירט, אז זיי האָבן ניט אויסגענוצט זייער וואלרעכט... פארן פעריאָד פונעם 1920 ביזן 1925 י. האָבן די אוקראינער פארלוירן 2 607 שולן. פון טויזנט אוקראינישע שילער קאָנען נאָר 79 באזוכן אוקראינישע שולן און 921 זיינען געצווּנגען צו באזוכן פוילישע און צווייששפּראכיקע שולן... 84 פּראָצ. פון אלע שולן אין אוקראינע זיינען אין 1925 י. געווען פוילישע... עס איז דערווייזן, אז 200 טויזנט הא. בּאארבּעטע ערד אין מיזרעכ־גאליציע און אין וואָליני זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן די פוילישע קאָלאָניסטן. די פוילישע לאנדווירטשאפטלעכע פאריינען האָבן אין מעשעך פון דעם דאָזיקן יאָר באקומען 79 מיליאָן זלאָטעס, און די אוקראינישע, וואָס זיינען דאָ בא דריי טויזנט, האָבן גאָרניט באקומען...“

אין 1930 י. האָבן פון די „פּאציפיקאציעס“ געליטן בא 800 דערפער.

אין 1933 י. האָט דער קסיאָנדז שידעלסקי געמאָלדן אפ א זיצונג פון דער סיים־קאָמיסיע, אז די קאטוילישע דאָקטרינע פארבאָט ניט קלאל אין פרינציפּ קיין טויט־שטראָפן. דער יוסטיץ־מיניסטער מיכאַלאָווסקי האָט זיך ארויסגעזאָגט קעגן די „ניטפאטראכטע פאָרשלאגן פון די טריבונאלן ווענגן ווייכער מאכן די טויט־אורטיילן...“

עס זיינען פארמערט געוואָרן מאסעווע גערעכט־פּראָצעסן (די פּראָצעסן פון 80, 100, 141 אאזוו.). לויט די אָפיציעלע אָנגאבן האָט די צאָל פּאָליטישע ארעסטירטע בּענוגייע דער צאָל פון אלע ארעסטירטע באטראָפן אין 1926 י. — 7,3%, אין 1928 י. — 8,3%, אין 1930 י. — 9,2%, אין 1931 י. — 11,5%. פונעם 1933 י. אָן ווערן די יעדיעס ניט פארעפנטלעכט.

די פּרעסע האָט ניט ווייניק דערציילט ווענגן די שרעקן פון די הינטערווענטלעכ אין לוצק, ביאלאָסטאָק, לאָדז, בערעזע־קארטוסער.

דער פוילישער טרעפּאָוו — דער פרעמיער־מיניסטער גענעראל סלאַוויי־סקלאדקאָווסקי — האָט אין 1936 י. געמאָלדן, אז די „פּאָליציי שיסט און וועט שיסן“.

אין נאָיאבער 1938 האָט די פוילישע רעגירונג ארויסגעגעבן דריי

אויסעראָרדנטלעכע דעקרעטן: 1) וועגן אָפּהיטן די מעלוכע, 2) וועגן פאַנאַנדערלאָזן די מאַסאָנישע לאָזשעס, 3) וועגן ענדערן די געריכט־פּראָצעדור.

די דאָזיקע דעקרעטן האָבן פאַרברייטערט די רעכט פון דער פּאָליציי צו מאַכן אונטערזוכונגען און אַרעסטן, די רעכט, וואָס זיינען אין מאָל אַרײַן אויך ביז דעם מיט גאָרניט און מיט קיינעם ניט געווען באַגרע־נעצט. די דאָזיקע דעקרעטן האָבן אויך באַגרענעצט די רעכט פון די באַשולדיקטע אויף פאַרטיידיקונג, האָבן קאָמפּליצירט געמאַכט די קאַסא־ציע.

אַז אין פּרילינג 1939 האָט זיך די אומצופרידנקייט מיט דער רעגי־רונג שאַרף אַרויסגעוויזן ניט נאָר צווישן די אַרבעטנדיקע, אין פּראָט צווישן די אַרבעטנדיקע פון די נאַציאָנאַלע ראַנד־ראַיאָנען, נאָר אויך צווישן איינצלנע בורזשואַזע פּאַרטייען, וואָס האָבן פּרעטענדירט אויף אָנפירן מיטן מיט פויערטום און אַנדערע קליינבירגערלעכע שיכטן („סטראָניצטוואָ לוודאָווע“ און אַנד.), האָט די רעגירונג באַקומען פון דעם געהאָרכזאַמען סיים אויסעראָרדנטלעכע פולמאַכטן. די דאָזיקע פולמאַכטן האָבן אָפיציעל פאַרפעסטיקט די געזעצגעבערישע מעמיקייט פון דער רעגירונג אָן קיין שום אָפּהענגיקייט פון דעם איליוזאָרישן „פאָלקס־ווילן“ אין דער פּערזאָן פונעם סיים. די גאַנצע לאַסט פון די רעגירונגס־רעפּרעסיעס האָט זיך נאָך שווערער אַראָפּגעלאָזט אויף די אַרבעטנדיקע, באַזונדערס אויף די אַרבעטנדיקע פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן.

דאָס איז אָבער שוין געווען דער סאָף פונעם פּריצישן פּוילן. די „סאַניפיקאַציעס“ האָבן ניט איינגעבראָכן דעם ווידערשטאַנד פון די מאַסן פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן. די דאָזיקע מאַסן האָבן געזאָגט זייער וואָרט פון סאַמע אָנהייב אָן פון דער דייטשיש־פּוילישער מילכאָמע.

קאפיטל VI

# די נאציאָנאלע און סאָציאַלע באפרייַונג פון מייַרעוו־אוקראַינע און מייַרעוו־ווייַסרוסלאַנד

צי האָט אזא מעלוכע, ווי דאָס געוועזענע פוילן, געקאָנט מילכאָמע האלטן?

פוילן האָט פארהעלטנישמעסיק געהאט גרויסע רעסורסן פון מענטשן און מאטעריאלן.

קורץ וועגן די מאטעריעלע רעסורסן: פוילן האָט פארמאָגט א גאנצע רייַכע דערנערונגס־באזע, האָט געהאט נאפט, אייַזן, צינק, בלייַ און אנדערע מאטעריאלן, וואָס זייַנען, עמעס, שלעכט באארבעט געוואָרן. די אינדוסטריע פון פוילן, ניט געקוקט אפן אלגעמיינעם נידעריקן טעכנישן ניוואָ אירן, ניט געקוקט אף די שוואכע אנטוויקלונגס־טעמפן, איז אין א באדייַטנדיקער מאָס געווען צוגעפאסט צו די קריגס־צילן פון פוילן. פוילן פלעגט אפילע פארקויפן געווער צו אייַנציקע בייַבאלטישע און אנדערע לענדער, אין דער ערשטער ריי, אין יענע לענדער, וואָס וואָלטן געקאָנט, ווי די רעדלפירער פון דער פוילישער מעלוכע האָבן וועגן דעם געחלומט, זיך פארייניקן צו דעם געפּלאנטן אנטיסאָוועטישן בלאָק.

פוילן האָט געפעלט איין גרונטיקס: פאטריאָטיזם פון די מאסן. עס האָט געפעלט די קאָנסאָלידאציע פון די קויכעס פון דער פילנאציאָנאַלער מעלוכע. אין דעם איז געווען די גרונטיקע שוואכקייַט פון דער געוועזענער פוילישער מעלוכע.

ארייַנטרעטנדיק אין דער מילכאָמע, האָבן די רעדלפירער פון דער געוועזענער פוילישער מעלוכע זיך ניט אָנגעשפארט אפן מיטגעפיל ניט פון די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטן, ניט פון די פוילישע ארבעטנדיקע, וואָס האָבן פייַנט געהאט די רעגירונג, וועלכע האָט פארטיידיקט די עקספּלואטאטאָרס און די אונטערדריקער, — די רעגירונג, וואָס האָט געקעמפט קעגן די ארבעטנדיקע מיט ציעשיסונגען, פייַניקונגען און טורמעס.

מאקע דארפאר האָט די אגאָניע פון דער פוילישער מעלוכע זיך אָנגעהויבן שוין אין די ערשטע טעג פון דער פויליש־דייַטשישער מילכאָמע.

שוינ די ערשטע טעג פונ דער דאָזיקער מילכאָמע האָבנ באוויזנ די פוילקייט און טאַלאַנטלאָזיקייט פונעם געוועזענעם קאָמאַנדירנדיקנ קעפל. די רעגירונג אינ דער שפּיצ מיטנ פרעזידענט מאָסציצקי איז שענדלעכ אנטלאָפנ פונ פוילנ. די פריצים-גענעראַלנ, וואָס האָבנ ליב געהאט זיכ שלאָגנ, וואָס האָבנ זיכ דערוואָרבנ א שענדלעכנ „רום“ מיט זייער בלוטיקנ דערשטיקנ די פעלקער פונ פוילנ, זיינענ מיט ריהז-סמיג-לע אינ דער שפּיצ אויכ געלאָפנ קיינ אויסלאַנד, לאָזנדיק אפ העפקער זייערע ארמייענ.

אזוי האָט רומלאָז געענדיקט איר עקזיסטענצ די געוועזענע פוילישע מעלוכע. ניט אָנשפּארנדיק זיכ אפ די מאסנ, איז זי ניט אימשטאַנד געווענ ביַיצושטיינ אזא ניסאָיענ ווי א מילכאָמע און איז צעפאלנ גע-וואָרנ.

די פעלקער פונ פוילנ זיינענ געלאָזט געוואָרנ אפ העפקער. די אָפ-מאכנ פונ פססר מיט דער געוועזענער פוילישער רעגירונג האָבנ פאר-לוירנ יעטווידנ באדייט. בענעגייע די אוקראַינער, ווייסרוסנ און אנדערע נאציאָנאַליטעטנ האָבנ די אָפמאכנ אָנגעווירנ די באדייטונג שוינ דער-פאר, וואָס פוילנ האָט ניט אויסגעפילט אירע צווישנפעלקערלעכע פאר-פליכטונגענ, וועלכע זיינענ, ווי דאָס איז שוינ אָפגעמערקט געווענ פריער, געווענ פארפעסטיקט אויכ אינעם ארטיקל 7 פונעם ריגער אָפמאכ.

די צעפאלונג פונ פוילנ האָט געעפנט א וועג פאר אלערליי צופעלי-קייטנ און אומדערוואַרטקייטנ אינ מיזרעכ-אייראָפע, וואָס האָבנ געקאָנט שאפנ א דראָענדיקע לאגע פאר פססר.

פארנ ראַטנלאַנד איז קיינמאָל ניט געווענ גלייכגילטיק דער גוירל פונ די אוקראַינער און ווייסרוסנ פונ דעמ געוועזענעמ פוילנ. אונדזער לאַנד האָט ניט איינמאָל אופגעהויבנ זיינ קאָל פונ זייער טויווע וועגנ. שוינ באלד נאָכנ ריגער שאָלעמ פונעם 1921 י. האָט די ראַטנ-רעגירונג ניט איינ מאָל אָנגעוויזנ דער פוילישער רעגירונג אפ דעמ, וואָס זי ברעכט גראָב דאָס ארטיקל 7 פונעם ריגער אָפמאכ.

אשטייגער, אינ דער סאָוועטישער נאָטע פונעם 10 מײַ 1924 י. איז געזאָגט געווענ: „אויסצורעכענענ אלע מינימ גוואלדטאטנ און איזדעקע-וועג זיכ איבער די נאציאָנאלע מינדערהייטנ איז אומעגלעכ. איבער דער דערשלאָגנקייט און געדולדיקייט פונעמ ווייסרוסישנ און אוקראַינישנ פאָלק גייט אומבאמערקט פארביַי פאר דער געזעלשאפטלעכער מיינונג אינ אויסלאַנד די מערהייט אזוינע פאקטנ פונ איזדעקעוועג זיכ און

פונ גוואַלדטאטנ. די אטמאָספער פונ שרעקלעכנ פּאָליצייִשנ טעראָר, וואָס ווילדעוועט אינ די ווײַסרוסישע ראנד⸗געגנטנ און אינ מיזרעכ⸗גאליציע, פילט איבער די באפעלקערונג פונ די דאָזיקע געגנטנ מיט שרעק, דערבײַ ווערנ די גוואַלדטאטנ אינ רעפרעסיעס ניט נאָר ניט שטילער, נאָר פארקערט, זיי נעמענ אָנ א רעגוליערנ און מאסעוונ כאראקטער".

פונ דעמלט אָנ איז די רעציכישע „פאציפיקאציע"⸗פּאָליטיק פונ דער פוילישער רעגירונג, ווי עס איז באוווּסט, נאָכ מער פארברייטערט געוואָרנ. די פארביטערטקײַט און דער ווילקיר פונ דער פוילישער מיליטער⸗מאכט האָט זיכ נאָכ מער פארשטארקט מיטנ אָנהייב פונ דער פויליש⸗דײַטשישער מילכאָמע. די טאלאנטלאָזע מיליטערישע קאָמאנדירונג האָט אויסגעגאָסנ איר גאנצנ צאָרנ פאר אירע דורכפאלנ אפ די אוקראַינער און ווײַסרוסנ. די מיליטער⸗מאכט האָט בארבאריש אונטערגעצונדנ די אוקראַינישע און ווײַסרוסישע דערפער, האָט זיי גערויבט, האָט זיכ איזדעקעוועט איבער דער באפעלקערונג.

מײַרעוו⸗אוקראַינע און מײַרעוו⸗ווײַסרוסלאנד זײַנענ געוואָרנ א באקוועמ אָרט פאר אלערליי צופעליקײַטנ. אָט פארוואָס די ראטנ⸗רעגירונג האָט פאָרגעלייגט דער הויפט⸗קאָמאנדירונג פונ דער רויטער ארמיי צו געבנ א באפעל דעמ סאָוועטישנ מיליטער אריבערצוגייג די גרענעצ, קעדיי נעמענ אונטער דער שוצ דאָס לעבנ און דאָס פארמעגנ פונ די אוקראַינער און ווײַסרוסנ.

„פונ דער ראטנ⸗רעגירונג, — האָט געזאָגט דער הויפט פונ דער ראטנ⸗רעגירונג כ' מאָלאָטאָוו, — קאָנ מענ אויכ ניט פאָדערנ קיינ גלייכגילטיקע באציִונג צומ גוירל פונ די בלוט⸗אייגענע אוקראַינער אינ ווײַסרוסנ, וואָס וווינענ אינ פוילנ, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אינ דער לאגע פונ רעכטלאָזע נאציעס און איצט זײַנענ זיי אינגאנצנ געלאָזט געוואָרנ אפ באראָט פונעמ צופאל". [1]

די רויטע ארמיי האָט מיט ערע אויסגעפילט איר כויוו בענעגייע די אוקראַינישע און ווײַסרוסישע ברידער.

מײַרעוו⸗ווײַסרוסלאנד און מײַרעוו⸗אוקראַינע זײַנענ פרײַ.

די באפרײַונג פונ די אוקראַינער און ווײַסרוסנ פונ דעמ געוועזענעמ פוילנ איז מיט מיטגעפיל באגעגנט געוואָרנ מיצאד דער פּראָגרעסיווער

---

1 די רעדע דורכ דער ראדיאָ פונעמ פאָרזיצער פונעמ ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ פססר כ' וו. מ. מאָלאָטאָוו דעמ 17 סענטיאבער 1939 י., „גאָספּאָליטיזדאט", 1939, ז. 4.

מענטשהייט פונ דער גאנצער וועלט. אפילע איינצלנע פאָרשטייער פונ דער ענגלישער אינטעליגענצ, וואָס שטייענ אפ דער פאָזיציע פונ ווייטער פירנ די מילכאָמע קעגנ דייטשלאנד, מערקנ זיי אינ דער זעלבער צייט אָפ די גרויסע באדייטונג פונ דער באפרייונג פונ די אוקראינער אונ ווייסרוסנ. הערבערט אועלס, אשטייגער, האָט דערקלערט, אז ער פילט פולקומ מיט דאָס אומקערנ די מיזרעכ=ראיאָנענ פונעמ געוועזענעמ פוילנ דעמ ראטנפארבאנד.

בלויז די פארקויפטע „סאָציאליסטישע“ לאקייענ פונעמ ענגליש=פראנצויזישנ אימפעריאליזמ רופנ צוויִעסדיק די מאסנ צו קעמפנ פאר אנ „אומאָפהענגיקנ פוילנ“. זיי פארטיידיקנ פוילנ, וואָס איז געווענ א „פעלקער=טורמע“, אינ וועלכער די נאציאָנאלע אונטערדריקונג אונ עקספלואטאציע האָט דערגרייכט צו אומגעהויערע מאסשטאבנ. די בליומס אונ זייערע אָנהענגער, וועלכע האָבנ געשטיצט דעמ אָפמאכ פונ לאוואל — מוסאָליני, וואָס האָט אָפגעגעבנ אביסיניע דעמ ווילקיר פונ איטאליע, טרעטנ איצט ארויס קעגנ דער באפרייונג פונ די אוקראינער אונ ווייסרוסנ. זיי „באוויינענ“ פוילנ, אינ וועלכע די פראָפיטנ פונ די פראנצויזישע אונ אנדערע קאפיטאליסטנ האָבנ דערגרייכט א קאָלאָסאלנ מאסשטאב, וואָס איז אומגעקערט פראָפאָרציאָנעל דער אָרעמקייט פונ די מאסנ. זיי „טרויערנ“ וועגנ פוילנ, וואָס איז געווענ א קאָנטררעוואָליוציאָנערער באריער קעגנ לאנד פונעמ סאָציאליזמ — פונ פססר. צודעקנדיק זייער מיִעסע ראָליע מיט ליגנערישע פראזעס וועגנ „דעמאָקראטיע“, גיסנ די „סאָציאליסטנ“ אונ לייבאָריסטנ טייכנ רעכילעס אפ פססר. אונטער דעמ צודעק פונ פראזעס וועגנ „דעמאָקראטיע“ העלפנ זיי זייערע רעגירונגענ זיכ אָפצורעכענענ מיט דער קאָמפארטיי אונ מיט איר פרעסע. די קאָמוניסטנ ווערנ ארעסטירט, די קאָמוניסטישע מוניציפאליטעטנ אינ פראנקרייכ זיינענ פאנאנדערגעלאָזט. דער לאָזונג פונ די „סאָציאליסטישע“ פארעטער וועגנ „בירגערלעכנ שאָלעמ“ איז, ווי אינ דער ערשטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, געווענדעט אפ אָפצונארנ די ארבעטנדיקע מאסנ אונ זיי מאכנ פאר א פארטיידיקונג=געווער פונ די אימפעריאליסטישע אינטערעסנ. טראָצ די דאָזיקע פארקויפטע לאקייענ אונ זייערע אימפעריאליסטישע באלעבאטימ לעבט מיירעוו=אוקראינע אונ מיירעוו=ווייסרוסלאנד איצט איבער דעמ וויכטיקסטנ אינ זייער געשיכטע פעריאָד פונ נ א צ י אָ נ א ל ע ר אונ ס אָ צ י א ל ע ר באפרייונג.

## 1. די נאַציאָנאַלע באַפרײַונג

שוין פון די ערשטע טעג אָן, ווי די רויטע אַרמיי איז געקומען, האָט די באַפעלקערונג פון מערב־אוקראַינע און מערב־ווײַסרוסלאַנד דערפילט די רעזולטאַטן פון זייער באַפרײַונג. מיט דער הילף און מיט דער מיטווירקונג פון דער רויטער אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענערגישע אַרבעט צו ליקווידירן דעם פריערדיקן נאַציאָנאַלן דרוק. אין דער דאָזיקער אַרבעט זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן די ברייטסטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג אין די באַפרײַטע געגנטן.

אַף שטיקלעך איז צעקלאַפּט געוואָרן די אַלטע פּאַרהאַסטע מעלוכישע מאַשין, וואָס האָט אָפּגעהיט די אינטערעסן פון די גוטבאַזיצער און פון דער בורזשואַזיע און וואָס איז געשטאַנען אַף דער וואַך פון נאַציאָנאַלן דרוק. גלײַך זײַנען אָפּגעשאַפן געוואָרן אַלע אַלטע געזעצן, באַשטימונגען און פאַראָרדענונגען פון די אָרטיקע אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען, וואָס האָבן פּאַקטיש פאַרפעסטיקט דעם קלאַסעווג און נאַציאָנאַלן דרוק איבער די אַרבעטנדיקע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טעטיקע בויונג פון אַ נײַ לעבן, פון אַ נײַער מעלוכע־אָרדענונג.

בײַ דער מיטווירקונג פון דער רויטער אַרמיי האָט מען אָנגעהויבן צו שאַפן נײַע צײַטווײַליקע מאַכט־אָרגאַנען. אין די שטעט איז דאָס געווען צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונגען פון פאָרשטייער פון דער מיליטערישער קאָמאַנדירונג און פאָרשטייער פון דער באַפעלקערונג. אין די דערפער — פויערשע קאָמיטעטן. אין די פּילנאַציאָנאַליטעטן־ראַיאָנען זײַנען די קאָמיטעטן צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די אַרבעטנדיקע פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן.

די צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונגען האָבן ניט בלויז אײַנגעשטעלט און אונטערגעהאַלטן די נײַע רעוואָליוציאָנערע אָרדענונג, נאָר זײַנען אויך צוגעטראָטן אײַנצואָרדענען דאָס עקאָנאָמישע לעבן, צו אָרגאַניזירן עס אין די אינטערעסן פון די ברייטסטע מאַסן אַרבעטנדיקע.

צוהילף די צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונגען איז געקומען די באַפעלקערונג אַליין, אין דער ערשטער ריי די פאָרגעשריטענע אַרבעטער און פויערים. אַפן רוף פון די צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונגען האָבן די אַרבעטער געשאַפן אַן אַרבעטער־גוואַרדיע, וואָס אין איר אויפגאַבע איז אַרײַנגעגאַנגען אונטערצוהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, אָפּצוהיטן די

געפּאַרלאָזיקײט פון דער באַפעלקערונג און אכטונג געבן, אַז די באַשטימונגען פון די ציווילע פּראַוואַלטונגען זאָלן אויסגעפילט ווערן. די אַרבעטער אַליין האָבן אויף זייערע פאַרזאַמלונגען קאָנטראָלירט די, וואָס זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער אַרבעטער־גוואַרדיע, האָבן אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָלן אין איר אַרײַנקומען זיכערע און סאַמע באַוווּסט־זיניקע עלעמענטן.

די אַרבעטער־גוואַרדיע איז געוואָרן א זיכערער אָנשפּאַר פאַר דער נײַער מאַכט. אין די פאַבריקן, ווען די מיטגלידער פון דער אַרבעטער־גוואַרדיע זײַנען אָפּגעריסן געוואָרן פון דער פּראָדוקציע, האָבן זיי באַקומען א קאָמפּענסאַציע פון די ציווילע פּראַוואַלטונגען. אין אַנדערע פאַלן פאַרייניקן זיי זייערע פונקציעס אַלס מיטגלידער פון דער אַרבעטער־גוואַרדיע מיט דער אַרבעט אין דער פּראָדוקציע.

די דרוזשינעס פון דער אַרבעטער־גוואַרדיע העלפן אויפצודעקן די זשאַנדאַרמען, אָפיצערן און אַלערליי פײַנט פון דער נײַער אָרדענונג, וואָס באַהאַלטן זיך אויס. זיי העלפן די ציווילע פּראַוואַלטונגען צו דערשטיקן דעם ווידערשטאַנד פון דער אַגענטור פון דעם פריערדיקן פּריציש־פּוילישן רעזשים, וואָס האָט אויף אַלערליי אופנים געשטרעבט שווער צו מאַכן די טעטיקייט פון דער נײַער מאַכט.

אונטער דער אויפזיכט פון די ציווילע פּראַוואַלטונגען קומט פאָר די רייניקונג פון דעם פּראַוואַלטונג־אַפּאַראַט ניט נאָר פון די אַגענטן פון דער אַלטער רעגירונג, נאָר אויך פון די פײַנטלעכע עלעמענטן (פּעטליוראָווצעס און אַנדערע), וואָס האָבן זיך איבערגעפּאַרבט און וואָס שטרעבן אַרײַנצודרינגען אינעם נײַעם אַפּאַראַט פון דער פּראַוואַלטונג.

די ציווילע פּראַוואַלטונגען ווענדן אָן אַלן זייערע קויכעס, קע־דיי צונויפצופּאַסטיקן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונג צווישן באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן (אוקראַינער, ווײַסרוסן, פּאָליאַקן, ייִדן און אַנד.), צונויפשמידן די דאָזיקע נאַציאָנאַליטעטן אויף א נײַער סאָציאַלער באַזע. נאַטירלעך, אַז די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן פריִער פאַנאַנדערגעצונדן די נאַציאָנאַלע ווידערשפּרוכן, אין דעם אַזוינע פאַר־מייען ווי פּפּס און בונד, זײַנען ליקווידירט געוואָרן דורך די געשעע־ענישן אַליין. די מאַסן האָבן אַרויסגעטריבן פון דער אָנפירונג פון די פּראָ־פאַריינען און פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס די פאָרשטייער פון די דאָזיקע פּאַרטייען, וואָס זײַנען אין דער פאַרגאַנגענהייט אונטערגעשטיצט געווען:

פון דער פוילישער רעגירונג און זײַנען געווען די שולדיקע אין די פּיל־צאָליקע מאַפּאָלעס פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

שוין פון אָנהייב אָקטיאַבער 1939 י. האָט זיך סײַ אין מערב־אוקראַינע, סײַ אין מערב־ווײַסרוסלאַנד, אונטער דער אָנפירונג פון די צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונגען, אָנגעהויבן די צוגרייטונג צום צונויפרופן די פאָלקס־פאַרזאַמלונג. די צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונגען האָבן באַדאַרפט לייזן די פראַגע וועגן אַ נײַער מעלוכישער אײַנאָרדענונג, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די אינטערעסן פון דעם אוקראַינישן און ווײַסרוסישן פאָלק. ווי אין מערב־אוקראַינע, אַזוי אויך אין מערב־ווײַסרוסלאַנד זײַנען געשאַפן געוואָרן קאָמיטעטן אויף אָרגאַניזירן און דורכפירן די וואַלן אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. אין העסקעם מיט די ווינטשן, וואָס זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויף פילצאָליקע פאַרזאַמלונגען און מיטינגען פון די אַרבעטנדיקע, האָבן די אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָמיטעטן פון מערב־אוקראַינע און מערב־ווײַסרוסלאַנד זיך געווענדעט יעדער איינער באַזונדער צום פּרעזידיום פונעם אויבער־ראַט אין אוססר און צום פּרעזידיום פונעם אויבער־ראַט אין ווססר מיט אַ בקשה צו דערלעגירן זייערע פאָרשטייער אין באַשטאַנד פון די אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָמיטעטן. דער פּרעזידיום פונעם אויבער־ראַט פון אוססר האָט דערלעגירט צוויי פאָרשטייער אינעם באַשטאַנד פונעם אָרגאַניזאַציאָנעלן קאָמיטעט פון מערב־אוקראַינע. דער פּרעזידיום פונעם אויבער־ראַט פון ווססר האָט דערלעגירט דרײַ פאָרשטייער אינעם באַשטאַנד פונעם אָרגאַניזאַציאָנעלן קאָמיטעט פון מערב־ווײַסרוסלאַנד.

ביידע אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָמיטעטן האָבן נאָך די ערשטע טעג פון אָקטיאַבער פאַרעפנטלעכט טאַקאָנעס וועגן די וואַלן פון דעפּוטאַטן אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. די וואַלן זײַנען פאָרגעקומען אויפן סמך דע־מאָקראַטישן יעסאָד. זיך באַטייליקט אין די וואַלן האָבן אַלע מענער און פרויען, וואָס זיי איז געוואָרן 18 יאָר, אומאָפּהענגיק פון דער ראַסעווער און נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט, פון דעם גלויבן, פון דער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג, פונעם בילדונגס־צענז, פון דער פאַרמעגנס־לאַגע, פון דער פאַרגאַנגענער טעטיקייט. די וואַל־קרײַזן זײַנען צונויפ־געשטעלט געוואָרן לויטן פּרינציפּ: 5 טויזנט אײַנוווינער אויף יעדן וואַל־קרײַז. יעדער קרײַז האָט געשיקט אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג צו איין דעפּוטאַט.

אינעם באַשטאַנד פון די קרײַזישע וואַל־קאָמיסיעס זײַנען אַרײַנגע־

צוויגנ געוואָרנ פאָרשטייער פונ די ברייטסטע מאסנ ארבעטנדיקע פונ פארשיידענע נאציאָנאליטעטנ. אזוי, אשטייגער, זײַנענ אינ מיזרעוו-ווײַסרוסלאנד אינגעמ באשטאנד פונ די קרײַזישע וואל-קאָמיסיעס אינ דער איינער נאָוואָגרודער געגנט ארײַנגעגאנגענ 1575 מאנ. פונ זיי זײַנענ געווענ ווײַסרוסנ — 1219, פאָליאקנ — 86, ייִדנ — 68, רוסישע — 65, אנדערע נאציאָנאליטעטנ — 137 מאנ. לויט דער סאָציאלער לאגע זײַנענ דאָס געווענ ארבעטער, פויערימ, אָנגעשטעלטע.

קיינמאָל פריִער האָט די באפעלקערונג פונ מיזרעוו-אוקראִינע אינ מיזרעוו-ווײַסרוסלאנד ניט איבערגעלעבט אזא פאָליטישנ אויפשטײַג, ווי אינ די טעג פאר די וואלנ פונ די דעפוטאטנ אינ דער פאָלקס-פארזאמלונג.

פילצאָליקע מיטינגענ אונ פארזאמלונגענ פונ ארבעטער, פויערימ, אינטעליגענצ האָבנ באהאנדלט די באדײַטונג פונ די וואלנ אונ האָבנ געשטרעבט צו פאָרמולירנ די אויפגאבעס, וואָס שטייענ פאר דער פאָלקס-פארזאמלונג. די דאָזיקע אויפגאבעס, פרײַ אונ איינשטימיק פאָרמולירטע, זײַנענ געבראכט געוואָרנ צומ פאָלגנדיקנ:

**אײַנצושטעלנ אפ דער באפרײַטער טעריטאָריע די ראטנמאכט, פארייניקנ מיזרעוו-אוקראִינע מיט אוסער, פארייניקנ מיזרעוו-ווײַסרוסלאנד מיט ווסער, באוויליקנ די דורכגעמאכטע קאָנפיסקאציע פונ די גוטבאזיצערישע ערדנ אונ דאָס צעטיילנ זיי צווישנ די פויערימ, די נאציאָנאליזאציע פונ די בענק אונ פונ די גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ.**

אָט אזא איז געווענ די גרונט-פראָגראמ, מיט וועלכער די פאָלקס-מאסנ פונ מיזרעוו-אוקראִינע אינ מיזרעוו-ווײַסרוסלאנד זײַנענ געגאנגענ צו די וואלנ פונ דעפוטאטנ אינ דער פאָלקס-פארזאמלונג.

די דאָזיקע וואלנ, וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ דעמ 22 אָקטיאבער 1939 י., קאָנענ באטראכט ווערנ ווי דאָס סאמע דעמאָקראטישע אויסהערנ די פאָלקס-מיינונג (רעפערענדומ) פונ דער באפעלקערונג פונ מיזרעוו-אוקראִינע אינ מיזרעוו-ווײַסרוסלאנד איבער דער פראגע וועגנ דער באציִונג צו דער נײַער מאכט אונ צו דער אָפגעמערקטער פריִער פראָגראמ, וואָס איז ארויסגערוקט געוואָרנ דורכ פילצאָליקע פארזאמלונגענ פונ די ארבעטנדיקע אלס אָנזאָג פאר די דעפוטאטנ.

די אקטיוויקייט פון די מאסן, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן ביז אונ בײם ידי וואלן דעם 22 אָקטיאבער 1939 י., האָט ניט געהאט קיין פרעצעדענטן אין דער פארגאנגענהייט. עס איז גענוג צו דערמאנען, אז בא די וואלן אין די פריערדיקע סיימען האָט די אקטיוויקייט פון די וויילער, לויט די אָפיציעלע אָנגאבן (און זיי זיינען שטענדיק געווען געקינצלט איבערגעטריבן), באטראָפן: אינעם 1922י. — 67,9% פון דער צאָל וויילער; אינעם 1928 י. — 78,5%; אינעם 1930 י. — 74,8%; אינעם 1935 י. — 45,9%; אינעם 1938 י. — 67,4%.

דערביי איז דער עלטער-צענז פאר די וויילער, ווי האָס איז שוין אָפגעמערקט געווען פריער, איינגעשטעלט געווען 25 יאָר, און פאר די דעפוטאטן 30 יאָר. אזוי־ארום האָט די יוגנט ביז 25 יאָר ניט געהאט קיין וואלרעכט.

אליין די „וואלן" זיינען פאָרגעקומען אין אומשטענדן פון אן אבזאָריעשן פּאָליציייִשן טעראָר. די „וואלן" אין סיים ארײַן אין 1935 י. זיינען בויקאָטירט געווען פון די ארבעטנדיקע. אפ די „וואלן" אין סיים ארײַן אין נאָיאבער 1938 י. האָבן די רעדלפירער פון דער געוועזענער פּוילישער מעלוכע אָפגעגעבן א פאראָרדענונג דער פּאָליציי צו „זיכערן", אז די וויילער זאָלן קומען צו די וואלן. אין די נאציאָנאלע ראיאָנען האָט די פּאָליציי געארבעט מײַסים אפן סאמע צעלאָזענעם און ציניִשן אויפן, האָט פּאָשעט געשלעפּט די וויילער צו די אורנעס. און האָך איז דער אלגעמיינער פּראָצענט פון די, וואָס האָבן געשטימט אין גאנץ פּוילן, געווען, אפילע לויט די רעגירונגס-אָנגאבן, אינגאנצן 67,4% פון דער אלגעמיינער צאָל וויילער. אינדערעמעסן אָבער איז דער דאָזיקער פּראָצענט געווען אסאך א קלענערער.

דעריבער זיינען נאָך כאראקטעריסטישער די וואלן אין דער פּאָלקס-פארזאמלונג, וואָס האָבן פרײַ און פרײַוויליק ארײַנגעצויגן די סאמע ברייטסטע מאסן פון דער באפעלקערונג פון די באפרײַטע נאציאָנאליטעטן אין דער אָפּשטימונג. דערביי האָט שטים-רעכט געהאט יעדער, אָנגעהויבן פונעם 18-יאָריקן עלטער.

לויט דער מיטיילונג פון די קאָמיטעטן אפ צו אָרגאניזירן די וואלן אין די פּאָלקס-פארזאמלונגען אין מערעוו-אוקראינע און אין מערעוו-ווײַסרוסלאנד, האָבן אין די וואלן זיך באטייליקט: אין מערעוו-אוקראינע — 4 433 997 מענטשן פון דער אלגעמיינער צאָל פארעגיסטרירטע וויילער 4 774 275 מענטשן, וואָס מאכט אויס 92,83% פון דער

אלגעמיינער צאָל וויילער; אין מיזרעך־ווייסרוסלאַנד — 2 672 280 מענטשן פון דער אלגעמיינער צאָל פארעגיסטרירטע וויילער 2 763 191 מענטשן, וואָס מאַכט אויס 96,71% פון דער אלגעמיינער צאָל וויילער.

די דאָזיקע ציפערן ווייזן אָפּ אויסגעוואָקסענעם געזעלשאַפטלעכן אינטערעס, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן דורך דער נייער איבער־בויונג פון מיזרעך־אוקראַינע און מיזרעך־ווייסרוסלאַנד.

לויט די אָנגאַבן פונעם קאָמיטעט אָפּ אָרגאַניזירן די וואַלן אין דער פּאָלקס־פארזאַמלונג פון מיזרעך־אוקראַינע, האָבן די פּויערים־קאָמיטעטן, די ציוויליקע פאַרוואַלטונגען, די פאַרזאַמלונגען פון די אַרבעטער, אינטעליגענץ און אַנדערע ארויסגעשטעלט 1 495 קאַנדידאַטן פאַר דעפּוטאַטן. אויסגעוויילט זיינען געוואָרן 1 484 דעפּוטאַטן. פון זיי מאַנצ־בלען — 1 245, פרויען — 239. בלויז 11 קאַנדידאַטן (8 אין לוצקער געגנט און 3 אין לוואָווער געגנט) האָבן ניט באַקומען מער ווי א העלפט שטימען, וואָס די טאַקאַנעס פון די וואַלן האָבן געפאָדערט. אין די דאָזיקע 11 וואַל־קרייזן זיינען באַשטימט געוואָרן איבערוואַלן.

לויט די אָנגאַבן פונעם קאָמיטעט אָפּ צו אָרגאַניזירן די וואַלן אין דער פּאָלקס־פאַרזאַמלונג פון מיזרעך־ווייסרוסלאַנד, איז ארויסגעשטעלט געוואָרן 929 קאַנדידאַטן פאַר דעפּוטאַטן. אויסגעוויילט זיינען געוואָרן 927 דעפּוטאַטן. פון זיי מאַנצבלען — 804, פרויען — 123. נאָר אין צוויי וואַל־קרייזן פון וויסאָקאָ־מאַזאָוועצקער קרייז האָבן די קאַנדידאַטן ניט באַקומען די צאָל שטימען, וואָס די טאַקאַנעס פון די וואַלן האָבן געפאָדערט. אין די דאָזיקע צוויי קרייזן זיינען אויך באַשטימט געוואָרן איבערוואַלן.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן דעם 22 אָקטיאַבער ווערט נאָך בולט־ער כאַראַקטעריזירט אויך מיט די פאָלגנדיקע ציפערן: אין מיזרעך־אוקראַינע האָבן פאַר די קאַנדידאַטן, וואָס די אָנגעוויזענע פרייע אָרגאַ־ניזאַציעס האָבן ארויסגעשטעלט, געשטימט 4 032 154 מענטשן, אָדער 90,93% פון אַלע, וואָס האָבן געשטימט; אין מיזרעך־ווייסרוסלאַנד האָבן פאַר די קאַנדידאַטן, וואָס די זעלבע אָרגאַניזאַציעס האָבן ארויס־געשטעלט, געשטימט 2 409 522 מענטשן, אָדער 90,67% פון אַלע, וואָס האָבן געשטימט.

אָט אַזאַ איז דער עמעסער ווילן פון די אוקראַינישע און ווייסרוסי־שע פאָלקסמאַסן פון דעם געוועזענעם פוילן.

בלויז עטוואָס מער, ווי 9 פראָצ. שטימען האָבן זיך ארויסגעוויזן

ניט לעטוויווען די קאנדידאטן, וואָס די געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן ארויסגעשטעלט. פֿארשטייט זיך, אין די פֿאפֿרײַטע דורך דער רויטער ארמיי אוקראַיִנישע און ווײַסרוסישע געגנטן זײַנען נאָך געבליבן אסאך פֿײַנטלעכע עלעמענטן. די פרעסע האָט געמאָלדן, אז אין דער אָפּשטימונג האָבן פרײַ זיך באטייליקט אויך פֿערזאָנען מיט פּירשטלעכע און גראַפֿן-טיטלען, קסיאָנדזן, פֿאבריקאַנטן, מאָנאכן א״אַזוו. ניט אלע פֿון די אָפּגעמערקטע 9 פּראָצ. ביולעטענען דארף מען פֿארעכענען אפּן כעזשבן פֿון די קעגנער פֿון דער נײַער מאַכט. אין מערעוו-אוקראַיִנע האָט זיך ארויסגעוויזן פֿאר ניט גילטיק 75 925 ביולעטענען. ביולעטענען, וואָס אין זיי זײַנען פֿארמעקט געווען די פֿאמיליעס פֿון די קאַנדידאַטן, איז געווען 918 325. די פּראַקטיק פֿון די וואלן ווײַזט, אז די ניט-גילטיקײַט פֿון די ביולעטענען נעמט זיך אָפּט פֿון דעם, וואָס די סאמע ברייטע מאסן פֿון דער באפֿעלקערונג זײַנען ניט גענוג באַקאַנט געווען מיט די קלאָלים פֿונעם אָפּשטימען. נעמענדיק אין אכט די קורצע צײַט פֿון דער וואל-קאמפּאַניע און פֿון דער אופקלער-קאמפּאַניע, קאָן מען רעכענען, אז א ריי טאָעסן האָבן געמאַכט די וויילער, וואָס איבער דעם האָבן זייערע ביולעטענען זיך ארויסגעוויזן פֿאר ניט גילטיק.

אין מערעוו-ווײַסרוסלאַנד איז ניט קיין גילטיקע ביולעטענען געווען 14 932. קעגן די קאַנדידאַטן האָבן געשטימט 247 245 וויילער, אָדער 9.3%.

די אָנגאַבן, וואָס האָבן א שײַכעס צו די 911 קאַנדידאַטן פֿאר דעפּוטאַטן אין דער פֿאָלקס-פֿארזאמלונג פֿון מערעוו-ווײַסרוסלאַנד, באווײַזן דעם פּאָנעם פֿון די אויסגעווײַלטע דעפּוטאַטן. צווישן די דאָזיקע 911 קאַנדידאַטן איז געווען 788 מאַנצבילן און 123 פרויען. פֿון זיי ארבעטער — 152 (16,7%), פּויערים — 638 (70%), אינטעליגענץ — 121 מאַן (13,3%).

לויט דער נאַציאָנאַליטעט פֿרעוואַלירן די ווײַסרוסן. זיי באַטרעפֿן 659 מאַן (וואָס מאַכט אויס 72,3%), פּאָליאַקן — 105 מאַן (11,5%), יִידן — 75 (8,2%), רוסן — 38 (4,2%).

וואָס אָנבאַלאַנגט באזונדערע געגנטן, באווײַזן כאראַקטעריסטיש די ציפֿערן די גרויסע אַקטיווקײַט פֿון דער באפֿעלקערונג און דעם פּולן זיג פֿון די קאַנדידאַטן, וואָס די געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן ארויסגעשטעלט.

## אין מיַרעוו־אוקראַינע

| געגנטן און שטעט | דער פּראָצ. ווײלער, וואָס האָבן זיך באַטײליקט אין דער אָפּשטימונג | דער פּראָצ. שטימען, וואָס זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די קאַנדידאַטן |
|---|---|---|
| די לוואָווער געגנט . . . . . . . . | 91,59 | 88,30 |
| די שטאָט לוואָוו. . . . . . . . . . | 95,68 | 93,48 |
| די טאַרנאָפּאָלער געגנט . . . . . . . | 88,03 | 92,53 |
| די שטאָט טאַרנאָפּאָל . . . . . . . . | 93,32 | 96,36 |
| די סטאַניסלאַוואָווער געגנט. . . . . . | 96,13 | 93,20 |
| די שטאָט סטאַניסלאַוואָוו . . . . . . . | 92,72 | 94,21 |
| די לוצקער געגנט . . . . . . . . . | 95,44 | 90.62 |
| די שטאָט לוצק . . . . . . . . . . | 91,49 | 92,53 |

## אין מיַרעוו־ווַיסרוסלאַנד

| געגנטן און שטעט | דער פּראָצ. ווײלער, וואָס האָבן זיך באַטײליקט אין דער אָפּשטימונג | דער פּראָצ. שטימען, וואָס זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די קאַנדידאַטן |
|---|---|---|
| די פּאָליעסער געגנט . . . . . . . . | 99,02 | 98,57 |
| די שטאָט ברעסט־ליטאָווסק . . . . . . | 97,82 | 96,00 |
| די שטאָט פּינסק . . . . . . . . . . | 99,20 | 98,52 |
| די ביאַלאָסטאָקער געגנט . . . . . . . | 93,90 | 85,00 |
| די שטאָט ביאַלאָסטאָק . . . . . . . . | 98,60 | 96,60 |
| די שטאָט גראָדנאָ . . . . . . . . . . | 97,40 | 92,00 |
| די נאָוואָגרודער געגנט . . . . . . . | 98,08 | 92,10 |
| די שטאָט נאָוואָגרודאָק . . . . . . . | 98,96 | 98,76 |
| סלאָנים—שטאָט און אויעזד. . . . . . | 99,14 | 98,50 |
| באַראַנאָוויטשי—שטאָט און אויעזד . . | 98,80 | 97,30 |
| די אויעזדן פון דער געוועזענער ווילנער געגנט . | 97,00 | 86,80 |

דעמ 26 אָקטיאבער 1939 י. האָט זיך געעפנט די פאָלקס־פארזאמלונג פונ מײַרעוו־אוקראינע, וועלכע האָט אָנגענומענ פיר דעקלאראציעס, וואָס אינ זיי ווערט געזאָגט:

1. „אויסדריקנדיק דעמ איינמוטיקנ ווילנ פונעמ באפרײַטנ פאָלק פונ מײַרעוו־אוקראינע, נאָכפאָלגנדיק דעמ בײַשפיל פונ די פעלקער פונעמ ראטנפארבאנד, פראָקלאמירט די אוקראינישע פאָלקס־פארזאמלונג דאָס אײַנשטעלנ די ראטנמאכט אפ דער גאנצער טעריטאָריע פונ מײַרעוו־אוקראינע.

פונ איצט אָנ געהער די גאנצע מאכט פונ מײַרעוו־אוקראינע די ארבעטנדיקע פונ שטאָט אונ דאָרפ אינ דער פערזאָנ פונ די ראטנ פונ דעפוטאטנ פונ די ארבעטנדיקע“.

2. „...בעטנ דעמ אויבער־ראט פונעמ פארבאנד ססר אָנצונעמענ מײַרעוו־אוקראינע אינעמ באשטאנד פונעמ פארבאנד פונ די סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקנ, אײַנשליסנ מײַרעוו־אוקראינע אינעמ באשטאנד פונ דער אוקראינישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפובליק, קעדיי צו פאראייניקנ דאָס אוקראינישע פאָלק אינ אנ איינהײַטלעכער מעלוכע, מאכנ א סאָפ צו דער דוירעסדיקער צעשיידנקײַט פונעמ אוקראינישנ פאָלק“.

3. „אינ פולנ העסקעמ מיטנ איינמוטיקנ ווילנ אונ מיט די שטרעבונגענ פונ די ארבעטנדיקע אינ מײַרעוו־אוקראינע, אָפהיטנדיק זייערע בלוטיקע אונ לעבנס־אינטערעסנ, נאָכפאָלגנדיק דעמ בײַשפיל פונ די פעלקער פונעמ ראטנפארבאנד, פראָקלאמירט די אוקראינישע פאָלקס־פארזאמלונג אפ דער טעריטאָריע פונ מײַרעוו־אוקראינע די קאָנפיסקאציע פונ די פריצישע, מאָנאסטירישע ערדנ אונ די ערדנ פונ די גרויסע מעלוכע־טשינאָווניקעס מיטנ גאנצנ לעבעדיקנ אונ טויטנ אינווענטאר זייערנ אונ מיט די הויפישע געבײַדעס.

די פאָלקס־פארזאמלונג באשטעטיקט דאָס אָפגע-

מענ די פריציִשע ערדנ אָנ אויסקויפ-געלט דורכ די פויערישע קאָמיטעטנ אונטער דער אָנפירונג פונ די צײַטווײַליקע פארוואלטונגענ אונ דאָס איבערגעבנ זיי אינעמ באנוצ פונ דעמ ארבעטנדיקנ פויערטומ. די פראגע וועגנ די ערדנ פונ די „אָסאדניקעס“ לייזנ די פויערישע קאָמיטעטנ“.

4. „מיטנ ציל אומראכמאָנעסדיק צו דערשטיקנ די עקספלואטאטאָרס אונ צו פארניכטנ יעטוועדער עקספלואטאציע פונ איינ מענטשנ דורכ א צווייטנ מענטשנ, אויסדריקנדיק דעמ איינמוטיקנ ווילנ פונעמ גאנצנ פאָלק פונ מײַרעוו-אוקראִינע, נאָכפאָלגנדיק דעמ בײַשפיל פונעמ פארבאנד פונ די סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקנ, פראָקלאמירט די אוקראִינישע פאָלקס-פארזאמלונג די נאציאָנאליזאציע פונ די בענק אונ פונ דער גרויסער אינדוסטריע אינ מײַרעוו-אוקראִינע“.

דעמ 28 אָקטיאבער 1939 י. האָט זיכ געעפנט די פאָלקס-פארזאמלונג פונ מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד, וועלכע האָט אויכ אָנגענומענ פיר דעקלאראציעס, וואָס לויטנ אינהאלט זײַנענ זיי ענלעכ צו די דעקלאראציעס פונ דער פאָלקס-פארזאמלונג פונ מײַרעוו-אוקראִינע.

די רעזולטאטנ פונ די וואלנ אונ די ארבעט פונ די פאָלקס-פארזאמלונגענ האָבנ אָנשוילעכ באשטעטיקט דעמ פעסטנ ווילנ פונ די באפרײַטע פעלקער פונ מײַרעוו-אוקראִינע אונ פונ מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד צו בויענ זייער ווײַטערדיק לעבנ אינ ענגער איינִיקונג מיט זייערע ברידער פונ אוססר אונ בססר.

אויסגעהערט די מעלדונגענ פונ די באפולמעכטיקטע קאָמיסיעס פונ די פאָלקס-פארזאמלונגענ פונ מײַרעוו-אוקראִינע אונ מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד, האָט די פינפטע אויסעראָרדנטלעכע סעסיע פונעמ אויבער-ראט פונ פססר אָנגענומענ פאָלגנדיקע באשלוסנ (דעמ 1 אונ 2 נאָיאבער 1939 י.):

1) עס איז באשלאָסנ צו באפרידיקנ די ביטע פונ די פאָלקס-פארזאמלונגענ פונ מײַרעוו-אוקראִינע אונ מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד וועגנ אײַנשליסנ זייערע טעריטאָריעס אינעמ באשטאנד פונ פססר, פאראייניקנדיק זיי מיט אוססר אונ בססר.

2) דעם פּרעזידיום פונעם אויבער־ראַט פון פססר איז באַופטראָגט צו באַשטימען דעם טאָג פאַר די וואַלן פון דעפּוטאַטן פון מיזרעך־אוקראַינע און מיזרעך־ווייסרוסלאַנד אינעם אויבער־ראַט פון פססר.

3) די אויבער־ראַטן פון אוססר און ווססר איז פאָרגעלייגט אַריינצוגעמען אינעם באַשטאַנד פון זייערע רעפּובליקן די באַפרייטע טעריטאָריעס פון מיזרעך־אוקראַינע און מיזרעך־ווייסרוסלאַנד.

4) די אויבער־ראַטן פון אוססר און ווססר איז באַופטראָגט צוצושטעלן אַפּ צו באַטראַכטן אינעם אויבער־ראַט פון פססר אַ פּראָיעקט וועגן פאַנאַנדערגרענעצן די ראַיאָנען און געגנטן צווישן אוססר און ווססר.

די אויסעראָרדנטלעכע סעסיעס פון די אויבער־ראַטן פון ווססר (דעם 14 נאָיאַבער 1939 י.) און פון אוססר (דעם 15 נאָיאַבער 1939 י.) האָבן פון זייער זייט אָנגענומען געזעצן. ערשטנס, די סעסיעס באַגריסן דעם היסטאָרישן באַשלוס פונעם אויבער־ראַט פון פססר וועגן איינשליסן מיזרעך־ווייסרוסלאַנד און מיזרעך־אוקראַינע אינעם באַשטאַנד פונעם ראַטנפאַרבאַנד. צווייטנס, יעדע סעסיע האָט באַשלאָסן אַריינצונעמען די באַפרייטע טיילן באַפעלקערונג אינעם באַשטאַנד פון זייערע רעפּובליקן, וואָס דערמיט ווערט פאַרווירקלעכט די פאַראייניקונג פונעם אוקראַינישן און ווייסרוסישן פאָלק. דריטנס, די פּרעזידיומס פון די אויבער־ראַטן פון ווססר און אוססר ווערט איבערגעגעבן צו באַשטימען דעם טאָג פון וויילן דעפּוטאַטן פון די באַפרייטע טעריטאָריעס אין די אויבער־ראַטן פון אוססר און ווססר. פערטנס, די פּרעזידיומס פון די אויבער־ראַטן פון ווססר און אוססר ווערט איבערגעגעבן צוצושטעלן אַ פּראָיעקט וועגן פאַנאַנדערגרענעצן די טעריטאָריעס צווישן ווססר און אוססר און וועגן דער אינערלעכער געגנטלעכער ראַיאָנירונג.

## 2. די סאָציאַלע באַפרייונג

דאָס איינשטעלן די נייע מאַכט האָט געבראַכט צו גרונטיקע סאָציאַלע ענדערונגען.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער טעטיקייט פון די ציווילע פאַרוואַלטונגען האָבן אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אָנגעהויבן געשאַפן צו ווערן אַרבעטער־קאָמיטעטן, וואָס האָבן פאַראייניקט די אַרבעטער אַרום די אויפגאַבעס פון דער נייער ווירטשאַפטלעכער בויונג.

אינ די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ איז איינגעשטעלט געוואָרנ אנ ארבעטער־קאָנטראָל איבער דער פראָדוקציע, איבערנ אָפזאצ אונ געברויכ פונעם רויווארג. די ארבעטער האָבנ געקעמפט קעגנ דעם סאבאָטאזש פונ די עקספלואטאטאָרישע עלעמענטנ. דאָרטנ, ווו די באלעבאטימ פונ די אונטערנעמונגענ זיינענ אנטלאָפנ אָדער האָבנ זיכ אָפגעזאָגט לאָזנ אינ גאנג די אונטערנעמונגענ, דאָרטנ איז די פראָדוצירונג פארווירקלעכט געוואָרנ בא דער שטיצע פונ די צייטווייליקע פארוואלטונגענ דורכ די ארבעטער אָנ די פאבריקאנטנ. די ארבעטער האָבנ אויסגעטיילט זייערע דירעקטאָרנ אפ אָנצופירנ מיט אזוינע אונטערנעמונגענ.

פונ דער געשיכטע פונעמ ערשטנ פעריאָד פונ דער ראטנמאכט איז באוווסט, אז דער ארבעטער־קאָנטראָל איז ניט נאָר וואָס ער לערנט די ארבעטער אָנצופירנ מיט דער פראָדוקציע, נאָר ער איז אויכ אנ איבערגאנג־מאָמענט צו דער נאציאָנאליזאציע פונ דער אינדוסטריע. ווי עס איז שוינ פריער אָפגעמערקט געווענ, איז די נאציאָנאליזאציע פונ דער גרויס־אינדוסטריע אָנגענומענ געוואָרנ פונ די פאָלקס־פארזאמלונגענ פונ מיערעוו־אוקראינע אונ מיערעוו־ווייסרוסלאנד.

די ארבעטנדיקע פונ די באפרייטע געגנטנ זיינענ איבערגעפילט מיטנ באוווסטזיינ פונ זייערע געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ אונ פונ זייער געזעלשאפטלעכנ כויוו. זיי אנערקענענ, אז אלע מאָסמיטלענ פונ דער נייער מאכט זיינענ געריכטעט דערופ, קעדיי אופצוהייבנ דעמ ווילשטאנד פונ די ארבעטנדיקע. זייער שטרעבונג איז דעריבער צו זיינ אפ אלערליי אויפאגימ נוצלעכ דער נייער בויונג. די ארבעטער אָרגאניזירנ שאבעס־ניקעס, מיט דער אייגענער איניציאטיוו פאריכטנ זיי אונ ליקווידירנ די צעשטערונגענ, וואָס זיינענ א רעזולטאט פונ דער מילכאָמע, שטעלנ ואופ די אונטערנעמונגענ.

ווענג דעמ, ווי ווייט אינטענסיוו עס גייט די ווירטשאפטלעכע אופלעבונג אינ די באפרייטע געגנטנ, ווייזט דער ביישפיל מיט לוואָוו. צו דער צייט, ווענ די רויטע ארמיי איז געקומענ, האָבנ אינ לוואָוו געארבעט 96 אונטערנעמונגענ פונ די 157, וואָס זיינענ דאָרט געווענ. צומ סאָפ אָקטיאבער האָבנ אינ לוואָוו שוינ געארבעט 138 אונטערנעמונגענ, הערבי האָט זיכ די צאָל ארבעטער פארגרעסערט פונ 6 983 אפ 9 864. אכאכ שפיז־ אונ לעדער־אונטערנעמונגענ ארבעטנ צו צוויי־הריי וואכ־מעס.

דערביי דארפ מענ אָפצייכענענ אויכ דעמ נייעמ סיידער אינ די

אונטערנעמונגען: דער ארבעטס־טאָג, וואָס פלעגט פריִער דערגייען ביז 12 שעה, און אמאָל אפילע ביז 16 שעה, איז איצט פארקירצט געוואָרן ביז 8 שעה א טאָג. דער ארבעטלוין האָט זיך געהעכערט. אף די אונ־טערנעמונגען ווערט איינגעפירט א גאנצע רייע נייע סאָציאלע מאָסמיט־לען, וואָס פארבעסערן די לאגע פון די ארבעטער און די ארבעט־שוץ.

בא דער מיטווירקונג און בא דער דירעקטער הילף פון דער נייער מאכט האָט זיך אָנגעהויבן א טעטיקער קאמף מיט דער ארבעטלאָזיקייט. דאָס פארקירצן דעם ארבעטסטאָג, די נייע בווונג, דאָס העכערן די אָנלאָדונג פון די אונטערנעמונגען גיט א מעגלעכקייט אריינצוציִען אין דער פראָדוקציע נייע קאדרען ארבעטער. דערמיט אליין ווערט פארניכטעט די שרעקלעכע פלאָג, וואָס האָט אינעם אויסזען פון ארבעט־לאָזיקייט באזונדערס פילבאר געדריקט אף די ניט־פארמעגלעכע שיכטן פון דער באפעלקערונג. באדייטנדיקע פארטיעס ארבעטלאָזע פון מערעוו־אוקראִינע האָבן פריִווויליק אויסגעדריקט זייער ווילן צו פאָרן אף אר־בעט אין אוססר. מע האָט זיי געשיקט אין דאָנבאס, ווו די אָרטיקע שאכטיאָרן האָבן זיי ווארעם באגעגנט. עטלעכע טויזנט ארבעטלאָזע פון מערעוו־ווייסרוסלאנד זיינען געשיקט געוואָרן קיין וויטעבסק און אין אנדערע שטעט, ווו זיי זיינען אויך ווארעם באגעגנט געוואָרן פון די אָרטיקע אָרגאניזאציעס פון די ארבעטנדיקע.

א ברייטע אנטוויקלונג באקומען די פראָפאריינען. פריִער פלעגן די פראָפאריינען אָפט געבויט ווערן לויטן נאציאָנאלן סימען. באזונדער פוילישע, באזונדער יִידישע פראָפאריינען און אנד. דערמיט האָבן די אונטערנעמער אָפט גאנץ געשיקט זיך באנוצט, קעדיי אופצורייצן די אר־בעטער איינע אף די אנדערע, קעדיי צו שאפן א פיינטשאפט און קאָנפליקטן צווישן די מיטגלידער פון פארשיידענע נאציאָנאלע פראָפאריינען פון איין און דער זעלבער פראָפעסיע. איצט ווערן די פראָפאריינען געבויט לויטן אינטערנאציאָנאלן פרינציפ פון דער אָרגאניזאציע, די צאָל פראָ־פאריינען־מיטגלידער איז שטארק אויסגעוואקסן אין פארגלייך מיט דעם, וואָס עס איז געווען באם פוילישן רעזשים. עס ווערן געשאפן שטאָטישע ראטן פון די פראָפאריינען.

עס ווערט פארברייטערט אויך די קולטורעלע באדינונג פון די מאסן. אין די הייזער פון דער אנטלאָפענער אריסטאָקראטיע ווערן גע־עפנט ארבעטער־קלובן, יאסליעס פאר קינדער, וואָס זייערע מוטערס זיי־נען פארנומען אין דער פראָדוקציע, קינדער־הייזער. דער פאלאץ, איש־

טייגער, פונעם אנטלאָפענעם גראף גלוכאָווסקי אין לוואָוו איז פאַר־וואנדלט געוואָרן אין א שילער־פאלאץ.

מע האָט אָנגעהויבן אריבערצוזעצן אומפאַרמעגלעכע ארבעטנדיקע פון די קעלער־שטיבער און ווינקלען אין בורוועס און ווייל־איינגעאָרדנטע קוואַרטירעם פון דער אנטלאָפענער בורזשואזיע.

באזונדערס כאראקטעריסטיש טרעט ארויס די סאָציאלע באפרייונג אין דאָרף.

די עקאָנאָמישע באזע פונעם נאציאָנאלן דרוק אין דאָרף איז איינ־גאנצן אונטערגעריסן אף אייביק. בא די פריצים, אָסאדניקעס, מאָנאס־טירן, גרויסע טשינאָווניקעס, דערהויפט פּאָליאקן, זיינען אָפּגענומען גע־וואָרן די ערדן, די וואסערן, די וועלדער, די פּאשע־פעלדער און דאָס פי. אלע דורכגעפירטע מאָסמיטלען אף צו קאָנפיסקירן די ערד בא די עקספּלואטאטאָרס האָבן די פּאָלקס־פארזאמלונגען פון מערב־אוקראינע און מערב־ווייסרוסלאנד באשטעטיקט. „די גאנצע ערד פון מערב־אוקראינע מיט אירע טיפענישן, אלע וועלדער און טייכן ווערן פון איצט אָן דערקלערט פאר אן אלפאָלקישן באזיץ, ד. ה. פאר א מעלוכיש־אייגנטום" (פון דער דעקלאראציע פון דער פאָלקס־פארזאמלונג אין מערב־אוקראינע וועגן דער קאָנפיסקאציע פון די פריצישע ערדן פון 28 אָקטיאבער 1939 י.).

די פויערים־קאָמיטעטן האָבן אף אן אָרגאניזירטן אויפן געלייזט די פראגע ניט נאָר וועגן אָפּנעמען די ערד, נאָר אויך די פראגעס וועגן דעם ווייטערדיקן באנוץ פון דער ערד, די פראגעס וועגן איבערגעבן אומזיסט אף צו נוצן די ערד צו די באטראקעס, אָרעמ־ און מיטל־פויערים.

די פויערים־קאָמיטעטן האָבן אָנגעפירט מיטן אָפּהיטן דאָס פּאָלקס־פארמעגן פון צערויבונג, פון קאליע מאכן און פון אונטערצינדונגען. זיי האָבן אָנגעפירט מיט דער שוץ פון די וועלדער און גערעטענישן, מיט דער אָרגאניזאציע פון אראָפּנעמען די גערעטענישן אף די געוועזענע פעלדער פון די פריצים, מיטן דיסקאָנט פון דער גערעטעניש און מיטן אָפּהיטן זי.

די ערד קאָן שוין מער ניט זיין קיין אָביעקט פון קויפן און פאַר־קויפן. די צעטיילונג פון דער ערד שאפט א נייע מאטעריעלע באזע אף אופצוהייבן די לאגע פון די געוועזענע ערדלאָזע און ערדאָרעמע פויע־רים.

עס איז אויך נאטירלעך, וואָס אין דער נייער לאגע פאלט אָפּ די

גאנצע פרוַעהדיקע פארשולדיקטקײַט פונ די פויערים בענעגייע די פּרײַ־
צימ, די פּראָצענטניקעס אונ היער מעלוכע, — א פארשולדיקטקײַט, וואָס
האָט שווער געדריקט אפ די פויערים.

די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונ דער עהד־פראגע וועט באשטימט
לוימ דעמ, וואָס די מאכט איז אינ די הענט פונ די ארבעטנדיקע. די
קאָנפיסקאציע פונ דער ערד איז ארײַנגעשטעלט געווענ, ווי איינע פונ
די וויכטיקסטע פאָדערונגענ אפ די וואלנ פונ די פאָלקס־פארזאמלונגענ.

דער אויסגלײַכנדיקער ערד־באנוצ אינ די קאָנקרעט־היסטאָרישע באַ־
דינגונגענ פונ מײַרעוו־אוקראַינע אונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד איז אנ אומ־
בארמײַדלעכ מאָסמיטל פארנ פויער, וועלכער האָט אינ מעשעכ פונ
דוירעס געגלייבט, אז דאָס איז דער איינציקער פאר אימ רעטונג־
וועג פונ דער אָרעמקײַט.

עס איז נייטיק, אז דאָס פויערטומ זאָל אפ דער אייגענער פראקטיק
זיכ איבערצײַגנ, אז זײַנע איליוזיעס וועגנ א קליינער פויערשער ווירט־
שאפט זײַנענ אָפּנארנדיקע. אינ בארינגונגענ, ווענ עס איז פאראנ א
קאָלאָסאלע דערפארונג פונ א קאָלווירטישנ פויערטומ אינ פססר, וועט
די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונ דעמ מײַרעוו־אוקראַינישנ אונ מײַרעוו־
ווײַסרוסישנ דאָרפ גיינ מיט שנעלע טריט. דאָס וועט, פארשטייט זיכ,
באגלייט ווערנ מיט א קאָלאָסאלער ארבעט אפ קולטורעל איבערדערציִענ
דאָס פויערטומ.

דער ווײַטערדיקער אונ וויכטיקער מאָסמיטל, וואָס באצייכנט מיט
זיכ א שריט אפנ וועג פונ דער סאָציאלער באפרײַונג, — דאָס איז דער
קאָנטראָל איבערנ האנדל, דער קאמפ מיט דער ספעקוליאציע, דער קאמפ
פאר א האנדל אינ די אינטערעסנ פונעמ פאָלק.

עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרנ א קאָנטראָל אויכ אפ די קרעדיט־
אנשטאלטנ. די קרעדיטנ גייענ אפ אנטוויקלענ די אינדוסטריע, אפ לאָזנ
אינ גאנג די זאַוואָדנ, אפ פארברייטערנ זייער פראָדוקציע אאזוו. די
נאציאָנאליזאציע פונ די בענק, וואָס איז ארויסגעשטעלט געוואָרנ ווי א
פראָגראמ־פאָדערונג בא די וואלנ פונעמ 22 אָקטיאבער אונ וואָס איז
באשטעטיקט געוואָרנ פונ די פאָלקס־פארזאמלונגענ פונ מײַרעוו־אוקראַינע
אונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, גיט צו א געזעצלעכע פאָרמ דעמ דאָזיקנ
מאָסמיטל אונ גיט אימ א ריכטיקע ווענדונג.

די סאָציאלע באפרײַונג דריקט זיכ אויס אויכ אינ דעמ, וואָס די
נײַע מאכט האָט ארײַנגעצויגנ אינ דער בויונג די קרעפטנ פונ דער

אינטעליגענץ (דאָקטוירים, לערער אאזוו.). עס זיינען ארויסגעריסן געוואָרן פון די הענט פון די עקספּלואטאַטארישע קלאסן, פון די הענט פון די אָבסקוראנטן (גאלאָכים, קסיאָנדזן) אלע מיטלען פון אידעאָלאָגישער אופווירקונג. די פריער ארבעטלאָזיקע אינטעליגענץ האָט איצט אופגעלעבט.

עס ווערן געעפנט אומזיסטיקע קליניקעס, שפּיטאָלן, וואָס זיינען ביז דעמלט געווען אומצוטריטלעך פאר די ארבעטנדיקע.

די פאָלקס-בילדונג ווערט פונסניי געבויט אין די אינטערעסן פון די ברייטסטע פאָלקס-מאסן.

פריער, באם פוילישן רעזשים, זיינען די שולן איינגעטיילט געווען אף מעלוכישע און פריוואטע. אין די מעלוכישע שולן האָבן געלערנט דערהויפּט קינדער פון די פּארמעגלעכע קלאסן. די ארבעטנדיקע, אויב זיי האָבן געקאָנט צאָלן פארן לערנען, האָבן זיי געשיקט זייערע קינדער דעריקער אין פּריוואטע שולן. פאר דעם לערנען זיך האָט מען, אשטייגער, אין ביאלאָסטאָק געצאָלט פון 15 ביז 35 רובל א כוידעש.

אין די לוואָווער גימנאזיעס איז דאָס געצאָלטס פארן לערנען געווען איינגעשטעלט אין אזא מאָס: אין די מעלוכישע גימנאזיעס — 200 זלאָטעס א יאָר; אין די פּריוואטע — 400 זלאָטעס א יאָר; אין אוניווערסיטעט האָט מען באדארפט צאָלן 500 — 300 זלאָטעס א יאָר. קלאָר, אז די מיטעלע און העכערע בילדונג איז געווען צוטריטלעך נאָר פאר די פּארמעגלעכע שיכטן. דערביי איז דער אונטעריכט געפירט געוואָרן אף דער פוילישער שפּראך.

די נייע מאכט האָט אריבערגעפירט די שולן אף אומזיסטיקע. אזוי האָט די באשטימונג פון דער ביאלאָסטאָקער צייטווייליקער פּארוואלטונג וועגן דעם געזאָגט: „אריבערפירן פונעם 1 אָקטיאבער 1939 י. אלע שולן און גימנאזיעס אפּן מעלוכישן ביודזשעט... באפרייען פון געצאָלטס פארן לערנען אין די שולן און גימנאזיעס אלע קינדער פון ארבעטער, אָנגעשטעלטע, פּויערים“.

פיל זאָרג האָט די נייע מאכט ארויסגעוויזן, קעדיי איינצופירן א נאָרמאל לעבן אין די שולן, אָפּרעמאָנטירן די שולן, וואָס האָבן געליטן פון די מילכאָמע-אָפּעראציעס. אין לוואָוו איז געווען 80 שולן. אסאך פון זיי איז אין צוזאמענהאנג מיט דער מילכאָמע געווען אויסגענוצט ניט לויט זייער באשטימונג. מיטן אָנקומען פון דער רויטער ארמיי האָט מען גענומען אָפּרייניקן די שול-געביידעס און זיי צוריק אופשטעלן. צום

מיט אָקטיאַבער 1939 י. זײַנען אין לוואָוו שוין געגאַנגען די לימודים אין 72 שולן. די צײַטווײַליקע פּאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעגעבן אַ פּאַראָר־דענונג וועגן אָבליגאַטאָרישער בילדונג.

אַף דער אַרענע פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן ווערט אַלץ מער אַרויסגערוקט די אוקראַינישע און ווײַסרוסישע פֿרוי, וואָס ערשט ניט לאַנג צוריק האָט זי זיך געפֿונען אין אַ דערשלאָגענעם צושטאַנד. די פֿרוי באַפֿרײַט זיך אַלץ מער פֿון דער גאַלאָכישער ווירקונג. עס ווערט אײַנגעפֿירט אויך די ציווילע הייראַט.

דאָס זײַנען בלויז די ערשטע וועג־צייכנס אַפֿן וועג פֿון דער ווײַטער־דיקער אַנטוויקלונג פֿון די פֿעלקער פֿון מערב־אוקראַינע און מערב־ווײַסרוסלאַנד.

דאָס אַלץ צוזאַמענגענומענע אילוסטרירט בוילעט פֿאַר דער גאַנצער וועלט די גרויסע באַדײַטונג פֿון דער לעניניש־סטאַלינישער נאַציאָנאַ־לער פּאָליטיק. דאָס אַלץ צוזאַמענגענומענע ווײַזט, אַז וואָס עס איז פֿרײַ אַ פֿאָלק, וואָס האָט דעראָבערט די מאַכט אין דער מעלוכע.

לענין האָט נאָך אין יאָר 1913 י. געשריבן אין „די קריטישע באַ־מערקונגען וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע“:

„דער קעגנער פֿון די פֿאַרײַנדיקנדיקע שטרעבונגען פֿון די אוקראַי־נער איז דער קלאַס פּריצים, גרויסרוסישע און פּוילישע, ווײַטער די בורזשואַזיע פֿון יענע טאַקע צוויי נאַציעס. אָוועלכע געזעלשאַפֿטלעכע קראַפֿט איז פֿײַיק צו געבן אַ ווידערשטאַנד די האָזיקע קלאַסן? דער ערשטער יאָרצענדליק פֿונעם XX יאָרהונדערט האָט געגעבן אַ פּאַק־טישן ענטפֿער: די דאָזיקע קראַפֿט איז אויסשליסלעך דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס פֿירט נאָך זיך דאָס דעמאָקראַטישע פּויערטום... בײַ אַן איינהײַטלעכער טעטיקײַט פֿון די פּראָלעטאַריער די גרויסרוסישע און די אוקראַינישע איז אַ פֿרײַע אוקראַינע מ ע ג ל ע ך, אָן אַזאַ איינהײַט קאָן וועגן איר נאָר קיין רייד ניט זײַן“. 1)

די דאָזיקע לענינס אָנווײַזונג איז רעאַליזירט געוואָרן דורך דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געזיגט אין אָקטיאַבער 1917 י. די איינהײַט־לעכע טעטיקײַט פֿון די גרויסרוסישע און אוקראַינישע אַרבעטער און פּויערים האָט געמאַכט דעם גרעסטן טייל אוקראַינע פֿאַר אַ פֿרײַער און בלײַענדיקער. די דאָזיקע טאַקע איינהײַט, אַ פֿאַרשטאַרקטע דורך דער

1 ל ע נ י ן, ווערק, ב. XVII, ז. 142 (רוס.).

איינהייט פונ אלע פעלקער פונ פססר, האָט באַדינגט אויכ די באַפרייונג פונ מערעוו-אוקראַינע.

די באַפרייטע דורכ דער רויטער אַרמיי פעלקער האָבנ זיכ אַרייַנגענאָסנ אינ דער אַלגעמיינער מישפּאָכע סאָוועטישע פעלקער. דער דאָזיקער דערהויבענער מאָמענט האָט א קאָלאָסאַלע היסטאָרישע אונ באַלערנדיקע באַדייַטונג פאַר די אַלע פעלקער, וואָס זייַנענ אונטערדריקט פונעמ אימפּעריאַליזמ.

„מע טאָר ניט פאַרגעסן — האָט דער סאָוועטער מאָלאָטאָוו געזאָגט אפ דער זיצונג פונעמ מאָסקווער ראַט, וואָס איז געווענ געווידמעט דעמ XXII יאָרטאָג פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, — אז אוקראַינע מיט אירע איצטיקע 39 מיליאָנ אייַנוווינער אונ מיטנ שנעלנ וווּקס פינ דער באַפעלקערונג, וועט אינגיכנ קאָנענ דעריאָגנ אייניקע גרויסע לענדער, זאָל זייַנ כאָטשבי די זעלבע פראַנקרייַכ מיט איר 42-מיליאָניקער באַפעלקערונג. עס זייַנענ אויסגעוואַקסנ אונדזערע ברידערלעכע רעפּובליקנ — אוקראַינע אונ ווייַסרוסלאַנד, אונ אונדזערע ברידער פונ מערעוו-אוקראַינע אונ פונ מערעוו-ווייַסרוסלאַנד זייַנענ מיט גרויס פרייד אונ גלויבנ אינ זייער צוקונפט אַרייַנגעטראָטנ אינ די רייענ פונ די סאָוועטישע בירגער. עס איז אויסגעוואָקסנ דערמיט אַליינ אויכ דער גאַנצער ראַטנפאַרבאַנד, א רוק טוענדיק זייַנע גרענעצנ באַדייַטנדיק אפ מערעוו. עס איז פאַראַנ מיט וואָס צו באַגריסנ דעמ ראַטנפאַרבאַנד צומ XXII יאָרטאָג פונעמ אָקטיאַבער!“ 1)

די דעפּוטאַטנ פונ דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג פונ מערעוו-אוקראַינע האָבנ אינ זייער ווענדונג צו דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג פונ מערעוו-ווייַסרוסלאַנד געשריבנ: „איינ אונ דעמ זעלבנ גוירל האָבנ געהאַט די מערעוו-אוקראַינער אונ מערעוו-ווייַסרוסנ, איינע אונ די זעלבע ליידנ אונ צאָרעס האָבנ מיר געליטנ אינ דער פאַרשאָלטענער פעלקער-טורמע — אינ דעמ שליאַכטישנ פוילנ. מיר זייַנענ געווענ ברידער אינ דער קנעכטשאַפט אונ אינעמ קאַמפ קעגנ די פוילישע פריצימ. איצט זייַנענ מיר געוואָרנ ברידער אינ גליק“.

עס איז ניטאָ קיינ קראַפט, וואָס זאָל פייִק זייַנ צו צעברעכנ דעמ דאָזיקנ פאַרבאַנד פונ פרייַע פעלקער.

דער הימער פונ דער פרייַהייַט פונ די סאָוועטישע פעלקער — די

1 מאָלאָטאָוו, XXII יאָרטאָג פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, „גאָספּאָליטיזדאַט“, 1939, ז. 8 (רוס.).

רויטע ארמיי, היט פעסט אָפּ אונדזער אלגעמיינ פאָטערלאנד, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרנ בא די פריצימ אונ קאפיטאליסטנ.

דאָס אוקראינישע אונ ווייסרוסישע פאָלק, וואָס האָבנ פארווירקלעכט די נאציאָנאלע איינהייט אפ דער באזע פונ ראטנ, אנערקענענ, אז זייער ניצאָכנ איז געוואָרנ מעגלעכ אדאנק דעמ אומצעשטערבארנ פארבאנד פונ די סאָוועטישע פעלקער, אדאנק דער גרויסער קאָמוניסטישער פאר־טיי אונ איר פירער — דעמ קלוגהאפטנ סטאלינענ.

## צו די ארבעטער אונ פויערימ פונ מײַרעוו־אוקראַינע [1]

### טײַערע ברידער אונ שוועסטער!

אפ די פעלדער פונ אייראָפּע האָט אויפגעפלאַקערט דאָס פײַער פונ דער דײַטשיש-פּוילישער מילכאָמע. עס זײַנענ ניט אריבער אפילע קיינ עטלעכע טעג, אונ פּוילנ האָט געליטנ א מילכאָמע-מאַפּאָלע. אפּנ פראָנט איז א צעפאַלונג. די פּוילישע גענעראַלנ, וואָס האָבנ ניט איינ מאָל באַרימעריש געפּאָכעט מיט די שווערדנ, האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ פאר טאַלאַנטלאָזע, טעמפּע אונ נארישע מענטשנ. עס ווערט צעפאַלנ ווי א קאָרטנ-שטיבל די פּוילישע מעלוכע, וואָס האָט זיכ געהאַלטנ אפּ גוואַלד-טאַט, אָפּנאַרערײַ אונ נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג פונ 11 מיליאָנ ניט-פּוילישער באַפעלקערונג — אוקראַינער אונ ווײַסרוסנ.

עס איז געקומענ די צײַט, ווענ דאָס פאָלק אליינ דארפ לייזנ זײַנ גוירל. גענוג צו לײַדנ הונגער, אָרעמקײַט, נאַציאָנאַלע רעכטלאָזיקײַט אונ אונטערדריקונג. גענוג צו לײַדנ די בײַטש אונ די פּײַניקונגענ. גענוג צו טראָגנ אפּ די אייגענע אײַנגעבויגענע פונ נויט פּלייצעס די פּוילישע פּריצימ. גלײַכ אויס דײַנ מעכטיקע פּלייצע, הייב אויפ דײַנ מעכטיקע, מיט מאָזאָליעס-באַדעקטע האַנט, דו פאָלק פונ מײַרעוו-אוקראַינע!

מיט געווער, מיט קאָסעס, מיט ווילעס אונ העק שלאָג די אייביקע פײַנט דײַנע — די פּוילישע פּריצימ, וואָס האָבנ פארוואַנדלט דײַנ לאַנד

1 א פלוג-בלעטל, וואָס איז ארויסגעלאָזט געוועזנ אפּ דער אוקראַינישער שפּראַכ דעמ 17 סענטיאַבער 1939 יאָר.

איז א רעכטלאָזער קאָלאָניע, וואָס האָבן דיך פּאָלאָניזירט, האָבן איז געמויזעכצ צעטראָטן דיין קולטור, האָבן געמאַכט פון דיר און פון דיינע קינדער בידלעס, קנעכט.

עס דאַרף ניט זיין קיין אָרט אף דער ערד פון מיזרעוו-אוקראַיִנע פאַר די פּאַנעס און פּידפּאַנקעס, פאַר די גוטבאַזיצערס און קאַפּיטאַליסטן. נעמט אַרײַן אין אײַערע הענט די פּריצישע ערד, די פּאַשעפעלדער, די לאָנקעס. וואַרפט אַראָפּ די מאַכט פון די פּריצים, נעמט די מאַכט אין אײַערע הענט, לייזט אַליין אײַער גוירל.

טײַערע ברידער אוקראַיִנער, איך, דער קאָמאַנדירנדער פונעם אוקראַיִנישן פראָנט, פאַרזיכער איַיך אינעם נאָמען פון דעם גאַנצן פאָלק פון דער סאָוועטישער אוקראַיִנע, אז מיר וועלן ניט פאַרבלייבן טויב און בלינד צו איַער גוירל. מיר דערקלערן מיטן פולן מויל, אז מיר קאָנען ניט קוקן אף אײַערע ליידן, אף איַערע צאָרעס.

מיר גייען צו איַיך, אונדזערע ברידער, קעדיי צו העלפן איַיך צו באַפרײַען זיך פונעם יאָך פון די פוילישע פּריצים, קעדיי צו באַפרײַען איַיך פון דער דראָונג רויִנירט צו ווערן און אומצוקומען.

אין דעם ניַעם, פרײַען לאַנד וועלן די אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע און פוילישע אַרבעטנדיקע זיין פרײַנט און ניט קיין פּיַינט. מיר זײַנען מיט איַיך מיט לײַב און לעבן, טײַערע ברידער און שוועסטער. פאָלגט נאָך דעם בײַשפּיל פון אָפּרעכענען זיך מיט די פּיַינט, וואָס דאָס רוסישע פאָלק, אין דער שפּיץ מיט לענינען און סטאַלינען, האָבן געוויזן.

צום געווער, כאַווײרים! מיר גייען איַיך צו הילף, מיר שטרעקן איַיך אוים די האַנט פון ברידערלעכער הילף, הייבט זיך אוף קעגן די פּריצים — די אײביקע סאָנים איַיערע. מיר וועלן איַיך העלפן און צוזאַמען מיט אונדז אויך דאָס גאַנצע פּילנאַציאָנאַלע פרײַע פאָלק פונעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד.

צום געווער, אונדזערע ברידער, מיר זײַנען מיט אײַך!

זאָל לעבן דאָס גרויסע פרײַע אוקראַיִנישע פאָלק!

קאָמאַנדירנדער פונעם אוקראַיִנישן פראָנט

קאָמאַנדיר פון ערשטן ראַנג ס ע מ ע נ ט י מ אָ ש ע נ ק אָ.

# צו דער ארבעטנדיקער באַפעלקערונג
# פונ מיַרעוו־אוקראַינע

**ווענדונג פונעם קאָמאַנדירנדנ פונעם אוקראַינישנ פראָנט**

**כ׳ טימאָשענקאָ[1]**

בירגער! די ארבעטנדיקע פונ מיַרעוו=אוקראַינע האָבנ דוירעסלאַנג געדולדעט די ווילדע אונטערדריקונג מיצאַד די גוטסבאַזיצערס אונ דער בורזשואַזיע. די רויטע אַרמיי פונעם גרויסנ ראַטנפאַרבאַנד האָט אײַכ באַפרײַט פונ דעם אומדערטרעגלעכנ יאָכ.

עס הייבט זיכ אָנ א נײַ לעבנ אָנ פריצים=גוטסבאַזיצערס, אָנ א יאָכ אונ אָנ גוואַלדטאַטנ, וואָס זײַנענ יאָרנלאַנג געהאַנגענ איבער די ארבעטנדיקע פונ מיַרעוו=אוקראַינע. צום פאָליטישנ לעבנ הייבנ זיכ אופ ברייטע שיכטנ באַפעלקערונג.

דאָס נײַע לעבנ דארפ מענ אָרגאַניזירנ.

די פאָליטישע באַזע פונ דעם איז פאַר די בירגער פונ מיַרעוו=אוקראַינע דאָס שאַפנ אינ די שטעט צײַטווײַליקע פאַרוואַלטונגענ, אינ די אויעזדנ אונ דערפער — פויערשע קאָמיטעטנ.

בירגער! די פויערשע קאָמיטעטנ זײַנענ אויסגעפרוווט געוואָרנ אינעם פײַער פונעם רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ פונ די פויערשע מאַסנ אינ רוסלאַנד, אונטער דער אָנפירונג פונעם אומשטערבלעכנ לענינענ אונ גרויסנ סטאַלינענ.

די פויערשע קאָמיטעטנ גיבנ אײַכ א מעגלעכקײַט צו אָרגאַניזירנ זיכ, זיכ אופהייבנ פאָליטיש, באַקומענ דערפאַרונג אונ געוווינהײַטנ צו פאָליטישער אָנפירונג, צו אײַנאָרדענענ אײַער לעבנ.

די פויערימ=קאָמיטעטנ — דאָס איז אײַער מאַכט. זי ווערט געשאַפנ פונעם פאָלק אַליינ אופ דעמאָקראַטישע יעסודעס. ווי עמעסע פאָרשטייער פונעם פאָלק, וועלנ זיי העלפנ די פויערימ ענדגילטיק פאַרענדיקנ מיט די גוטסבאַזיצער אונ באַקומענ די פריצישע ערד פארנ באַנוצ פונ די פויערימ.

בירגער! אָרגאַניזירט פויערימ=קאָמיטעטנ אופ די ערטער, אַלס אָרגאַנענ פונ דער פאָלקס=מאַכט.

ווײַלט אויס אינ זיי אײַערע בעסטע פאָרשטייער, טרײַע אונ איבערגעגעבענע זייער פאָלק ביזנ סאָפ!

1 איבערגעזעצט פונ אוקראַיִניש.

לאָמיר פאַרוואַנדלען די וואלן פון די פויערים־קאָמיטעטן אין א פאָלקס־יאָנטעוו פון מיַרעוו־אוקראַינע, וואָס איז באפרייַט געוואָרן פון דעם פּריצישן יאָך און פון דער פאַרשקלאַפטקייט !

קאָמאַנדירנדער פונעם אוקראַיִנישן פראָנט
ס. טימאָשענקאָ

# דעקלאַראַציע
## פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון מיַירעוו־אוקראַיִנע וועגן דער מעלוכע־מאַכט אין מיַירעוו־אוקראַיִנע

אָנגענומענע געוואָרן איינשטימיק אף דער זיצונג פונעם 27 אָקטיאַבער 1939 י.

דאָס פּריצישע פוילן, וואָס האָט זיך געהאַלטן אף דער אונטערדריקונג פון מיליאָנען אוקראַיִנער, וויַסרוסן און פוילישן ארבעטנדיקן פאָלק, איז איַנגעפאַלן.

אויספילנדיק דעם ווילן פונעם גרויסן סאָוועטישן פאָלק, האָט די רויטע ארמיי אויסגעשטרעקט די ארבעטנדיקע פון מיַירעוו־אוקראַיִנע די האַנט פון ברידערלעכער הילף — האָט באַפרייַט זיי פונעם יאָך פון די פּוילישע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן.

פאַר די ארבעטנדיקע פון מיַירעוו־אוקראַיִנע איז געעפנט געוואָרן א פרייַער וועג צו א נייַ, גליקלעכ לעבן. דאָס באַפרייַטע פאָלק האָט באַקומען א מעגלעכקייַט פרייַ, ווי אן עמעסער באַלעבאָס פון זיַין גורל, צו לייזן די פראַגע, וואָס פאַר א מעלוכע־מאַכט איַינצושטעלן אף זיַין ערד.

אף דער דערפאַרונג פון אַלע רעוואָלוציעס, אף דער דערפאַרונג פון די ברידערלעכע פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד איז דערוויזן, אז נאָר די ראַטנמאַכט איז די עמעסע אויסדריקערן און פאַרטיידיקערן פון די אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע.

עס איז מיט דער גאַנצער פילדויערסדיקער געשיכטע פון דער מענטשהייַט דערוויזן, אז יעדער אַנדערע מאַכט שטעלט מיט זיך פאָר א ניט־פאַרדעקטע הערשאַפט און ניט־געצאַמטן ווילקיר פון א הייַפל עקספּלואַטאַטאָרס. די אַזוי־גערופענע בורזשואַז־דעמאָקראַטישע מעלוכעס האָבן ניט איין מאָל פראָקלאַמירט די גלייַכבארעכטיקונג פון אַלע בירגער. דאָך האָבן זיי מיט אַלערליי שפיצלעך און כיטרעקייַטן באַזייַטיקט

די אַרבעטנדיקע פֿונעם אַקטיוון פּאָליטישן לעבן, פֿונעם פּאַרוואַלטן מיט דער מעלוכע, האָבן צוגענומען בײַ זײ אַלע רעכט און פֿרײַהײַטן. די מאַכט איז געבליבן אין די הענט פֿון יענע, וואָס האָבן אונטערדריקט און פֿאַרקנעכטעט די איבערוועגנדיקע מערהײַט באַפעלקערונג, אין די הענט פֿון אַ הײַפֿל רײַכע לײַט און פּאַראַזיטן. דער גורל אָבער פֿון די אָרנטלעכע האָרעפּאַשניקעס איז געווען הונגער און אָרעמקײַט, די נאַ־הײַטע און די טורמע, אַ קלאָגלעך לעבן און רעכטלאָזיקײַט.

ס'קאָן ניט זײַן קײן עמעסע פֿרײַהײַט און גלײַכבאַרעכטיקונג דאָרט, וווּ עס זײַנען פֿאַראַן עקספּלואַטאַטאָרס און עקספּלואַטירטע. פֿאַרטײדיקן די אינטערעסן פֿונעם באַפֿרײַטן פֿאָלק פֿון מיטרעוו־אוקראַינע, באַפֿרײַען אים אײנמאָל פֿאַר אַלעמאָל פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער קנעכטשאַפֿט, פֿון דער הערשאַפֿט און ווילקיר פֿון די גוטסבאַזיצערס און פֿאַבריקאַנטן, פֿון די זאַוואָדטשיקעס און באַנקירן — דאָס הײסט אײַנשטעלן די מאַכט פֿון די ראַטן פֿון דעפּוטאַטן פֿון די אַרבעטנדיקע — די ראַטנמאַכט.

נאָר די ראַטן זיכערן די מאַכט פֿון דער מערהײַט פֿון פֿאָלק — פֿון די אַרבעטנדיקע איבער דער מינדערהײַט — דעם הײַפֿל פּויליאַקעס און עקספּלואַטאַטאָרס. די ראַטן — דאָס איז די מאַכט פֿון אַרבעטער און פּויערים.

נאָר די ראַטן זײַנען די סאַמע דעמאָקראַטישע מעלוכע־מאַכט, נאָר דורך די ראַטן באַטײליקט זיך דאָס גאַנצע אַרבעטנדיקע פֿאָלק ווירקלעך אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער מעלוכע, אין דער בויונג פֿון זײַן פֿרײַ און גליקלעך לעבן.

אין די ראַטן ווערט פֿאַרקערפּערט דער בונד פֿון די אַרבעטער און פּויערים, וואָס האָט געמאַכט די ראַטנמעלוכע פֿאַר אַן אומבאַזיגבאַרער קראַפֿט. דער אַרבעטער־קלאַס און זײַן אַוואַנגאַרד, די קאָמוניסטישע פּאַרטײ באָלשעוויקעס, פֿירן אָן דורך די סאָוועטן מיט דער בויונג פֿונעם סאָציאַליזם.

נאָר די ראַטנמאַכט שאַפֿט באַדינגונגען פֿאַר דער צעבליונג פֿון די פֿאָלקס־טאַלאַנטן, פֿאַר דעם אַרויסרוקן פֿונעם פֿאָלק אָנפֿירער און אָר־גאַניזאַטאָרס פֿון פֿאַרשײדענע צווײַגן פֿון מעלוכישן, ווירטשאַפֿטלעכן און געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

נאָר די ראַטנמאַכט איז פֿײַק צו פֿאַרניכטן יעדערלײ נאַציאָנאַלן דרוק, די צווישנאַציאָנאַלע אומײניקײַט און פֿײַנטשאַפֿט און צו זיכערן

די מיטארבעטשאפט און פרײנטשאפט פון די ארבעטנדיקע פון אלע נאציאָנאליטעטן.

אויסדריקנדיק דעם איינמוטיקן ווילן פונעם באפרײטן פאָלק פון מערב־אוקראינע, נאָכפאָלגנדיק דעם בײשפּיל פון די פעלקער פון ראטנפאַרבאנד, פּראָקלאמירט די אוקראינישע פאָלקס־פארזאמלונג דאָס אײנשטעלן די ראטנמאכט איבער דער גאנצער טעריטאָריע פון מערב־אוקראינע.

פון איצט אָן געהערט די גאנצע מאכט אין מערב־אוקראינע צו די ארבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף אין דער פערזאָן פון די ראטן פון דעפּוטאטן פון די ארבעטנדיקע.

די אוקראינישע פאָלקס־פארזאמלונג מעלדעט וועגן דעם פעסטן ווילן פונעם פאָלק פון מערב־אוקראינע צו פארטיידיקן און באשיצן די מאכט פון די ראטן פון יעטווידן פארמעסטן זיך אף איר, פון וועמען דאָס זאָל ניט געמאכט ווערן.

די אוקראינישע פאָלקס־פארזאמלונג דריקט אויס די אומגעהויערע זיכערקייט אין דעם, אז דאָס אײנשטעלן די ראטנמאכט, וואָס איז אָנגעפירט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי באָלשעוויקעס, וועט ברענגען צו דער פאנאנדערבליונג פון די פּראָדוציר־קויכעס, פונעם פאָלקס־וווילשטאנד און פון דער קולטור פונעם פאָלק פון מערב־אוקראינע.

זאָל לעבן די ראטנמאכט — די סאמע דעמאָקראטישע מאכט אין דער וועלט, די מאכט פון די ארבעטנדיקע!

זאָל לעבן פּסטר — די סאָציאליסטישע מעלוכע פון די ארבעטער און פּויערים, די האָפענונג און דאָס פאָטערלאנד פון די ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט!

זאָל לעבן דער אָרגאניזאטאָר פון דעם זיג פון די ראטן — די קאָמוניסטישע פארטיי באָלשעוויקעס!

---

# דעקלאראציע

## פון דער פאָלקס־פארזאמלונג פון מערב־אוקראינע וועגן דער קאָנפיסקאציע פון די גוטסבאַזיצערישע ערדן

אָנגענומענע איינשטימיק אפ דער זיצונג דעם 28 אָקטיאבער 1939 י.

אפ דער באפרײטער פון די גוטסבאזיצערס און קאפיטאליסטן ערד פון מערב־אוקראינע איז דער איינציקער געזעצלעכער באלעבאָס אירער דאָס ארבעטנדיקע פאָלק: די ארבעטער, די פויערים און די ארבעטנדיקע אינטעליגענץ.

ניטאָ מער קיין גוטסבאזיצערס, וואָס האָבן פארכאפט אין זייערע גיריקע הענט קימאט די גאנצע ערד פון מערב־אוקראינע. פון הײַנט אָן איז ניטאָ מער יענער מעלוכע־אפאראט פון צוואנג, וועלכער האָט מיט דער בײַטש, מיט פײַניקונגען, עקזעקוציעס און פאציפיקאציעס געצוווּנגען דעם פויער אָפּצוגעבן אלע פרוכטן פון זײַן שווערער ארבעט דעם פאראזיט — דעם גוטסבאזיצער, דעם טשינאָווניק, דעם מאָגנאט. עס האָט גענומען א סאָף צום הונגער, קלאָגלעכן לעבן פון די ארבעטנ־דיקע פויערשע מאסן, וועלכע די פוילישע פריצים האָבן גערויבט און אונטערדריקט.

פון איצט אָן געהער די ערד צום פאָלק!

אויסדריקנדיק דעם ווילן פון פאָלק, האלט די אוקראינישע פאָלקס־פארזאמלונג פארן איינציקן מעגלעכן פאר דעם וווילטעק און גליק פון די ארבעטנדיקע מאסן אזוי צו לייזן די פראגע וועגן דער ערד, ווי עס האָבן זי געלייזט אונדזערע ברידער — די פעלקער פונעם ראטנפארבאנד.

נאָכן זיג פון דער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאליסטישער רעוואָ־לוציע אין רוסלאנד האָט די ראטן־רעגירונג דערקלערט די ערד פאר אן אייגנטום פון פאָלק, האָט זי אָפּגענומען בײַ די גוטסבאזיצערס און האָט זי איבערגעגעבן די ארבעטנדיקע פויערים, די, וואָס האָבן אפ איר געארבעט דורך דורות, די, וואָס האָבן דורכגעטרונקען זי מיט זייער בלוט און שווייס. אזוי האָבן די באָלשעוויקעס פארווירקלעכט דעם פילדורותדיקן טרוים פונעם פויערטום וועגן באפרײַען זיך פונעם יאָך פון די גוטסבאזיצערס, דעם טרוים וועגן ערד.

אָנגעפירט פון די באָלשעוויקעס, האָבן די סאָוועטישע ארבעטער און פויערים אויסגעבויט א נײַע געזעלשאפט, וווּ עס איז ניטאָ קיין עקס־

פלואטאטארס מיט עקספלואטירטע, ווו עס איז ניטאָ קיינ פאראזיטנ — גוטבאזיצערס, קאפיטאליסטנ, באנקירנ. אינ דער סאָוועטישער געזעלשאפט איז דאָס פאָלק אליינ דער שמיד פונ זײַנ גליק.

דאָס פאָלק פונ מײַרעוו-אוקראיִנע ווייסט, אז דאָס איבערגעבנ די פריצישע ערד צו די פויערימ איז איינע פונ די וויכטיקסטע באדינגונגענ פאר א דערפאָלגרײַכער איבערבויונג פונעמ לעבנ פונ די ארבעטנדיקע פונ מײַרעוו-אוקראיִנע אפ א נײַעמ אויפנ אזוי, ווי עס לעבנ די פרײַע סאָוועטישע פעלקער, אזוי, ווי די פארטיי באָלשעוויקעס לערנט.

אינ פולנ העסקעמ מיט דעמ איינמוטיקנ ווילנ אונ מיט די שטרעבונגענ פונ די ארבעטנדיקע פונ מײַרעוו-אוקראיִנע, אָפהיטנדיק זייערע בלוטיקע אונ לעבנס-אינטערעסנ, נאָכפאָלגנדיק דעמ בײַשפּיל פונ די פעלקער פונעמ ראטנפארבאנד, פראָקלאמירט די אוקראיִנישע פאָלקס-פארזאמלונג אפ דער טעריטאָריע פונ מײַרעוו-אוקראיִנע די קאָנפיסקאציע פונ די ערדנ פונ די גוטבאזיצערס, די מאָנאסטירנ אונ די גרויסע מעלוכע-טשינאָווניקעס מיטנ גאנצנ לעבעדיקנ אונ טויטנ אינווענטאר זייערנ אונ מיט די הויפישע געבײַדעס.

די פאָלקס-פארזאמלונג באשטעטיקט דאָס אָפנעמענ די פריצישע ערד אָנ אויסקויפ-געלט דורכ די פויערימ-קאָמיטעטנ אונטער דער אָנפירונג פונ די צײַטווײַליקע פארוואלטונגענ אונ דאָס איבערגעבנ זיי צומ באנוצ פונעמ ארבעטנדיקנ פויערטומ. די פראגע וועגנ די ערדנ פונ די „אָסאדניקעס" לייזנ די פויערימ-קאָמיטעטנ.

די גאנצע ערד פונ מײַרעוו-אוקראיִנע מיט אירע טיפענישנ, אלע וועלדער אונ טײַכנ ווערנ פונ איצט אָנ דערקלערט פאר אנ אלפאָלקישנ באזיצ, ד. ה. פאר א מעלוכישנ אייגנטומ.

פונ איצט אָנ איז אפ אונדזער פרײַער ערד ניטאָ אונ ס'וועט ניט זײַנ קיינ אָרט פאר פאראזיטנ — גוטבאזיצער אונ זייערע מיטהעלפער.

די אוקראיִנישע פאָלקס-פארזאמלונג רופט אלע ערד-ארבעטער, די פויערימ-קאָמיטעטנ צו אנ אײַזערנער רעוואָליוציאָנערער דיסציפּלינ, אָפצוהיטנ פונ צערויבונג די געוועזענע פריצישע גיטער, די געבײַ-

דעם און דעם אינווענטאר, וואָס זײַנען פֿון איצט אָן א הײליקער אין אומבארירלעכער באַזיץ פֿונעם פֿאָלק.

בלויז די פּויערים־קאָמיטעטן האָבן דאָס רעכט פֿאַנאַנדערצוטיילן די ערד פֿון די גוטסבאַזיצער. בלויז די פּויערים־קאָמיטעטן האָבן דאָס רעכט צו שאַפֿן איבער דעם פֿאַרמעגן, וואָס האָט געהערט צו די גוטסבאַזיצערס.

זאָל לעבן דעם פּויערס באַפֿרײַטע אַרבעט אויף דער באַפֿרײַטער ערד פֿון מערבֿ־אוקראַינע!

זאָל לעבן דער בונד פֿון די אַרבעטער און פּויערים!

זאָל לעבן די אַלפֿאַרבאַנדישע קאָמוניסטישע פּאַרטײַ באָלשעוויקעס — דער פֿירער און אָרגאַניזאַטאָר פֿונעם קאַמף פֿון די אַרבעטנדיקע קעגן די אונטערדריקער — די גוטסבאַזיצער און קאַפּיטאַליסטן!

# דעקלאַראַציע

## פֿון דער פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג פֿון מערבֿ־אוקראַינע וועגן דעם אַרײַנגיין פֿון מערבֿ־אוקראַינע אינעם באַשטאַנד פֿון דער אוקראַינישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק

אָנגענומען אײנשטימיק אויף דער זיצונג דעם 27 אָקטיאַבער 1939 י.

דאָס אוקראַינישע פֿאָלק איז אין דער געוועזענער פּוילישער מעלוכע געווען פֿאַרמישפּעט אויף אויסצושטאַרבן. זײַן גורל איז געווען אונטערדריקונג, פֿאַרניכטונג און רויבערײַ. די פּוילישע פּריצים האָבן געטאָן אַלץ, כּדי צו פּאָלאָניזירן די אוקראַינישע באַפֿעלקערונג, צו פֿאַרווערן אַפֿילו דאָס וואָרט אוקראַינער, וואָס זיי האָבן עס פֿאַרביטן מיטן וואָרט „בידלאָ“ און „כלאָפּ“.

בײַ די אוקראַינישע פּויערים האָט מען אָפּגענומען די ערד. אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אוקראַינער האָט מען ניט געגעבן קיין אַרבעט אין די פֿאַבריקן, זאַוואָדן און אין די אַנשטאַלטן. די אוקראַינער האָט מען ניט צוגענומען אין די לערן־אַנשטאַלטן. מע האָט אויסגעוואָרצלט די אוקראַינישע שפּראַך. מע האָט געשטרעבט צו פֿאַרניכטן די אוקראַינישע קולטור. דאָס האָט אַרויסגערופֿן פֿיל מאָל א שטורעם פֿון פּראָטעסטן, פּויערשע אויפֿשטאַנדן קעגן דעם קאָלאָניאַלן רעזשים פֿון די רעגירנדיקע קרײַזן פֿון דעם פּריצישן פּוילן.

עס האָט זיכ אָבער געענדיקט די צײַט פונ אונטערדריקונג און רעכטלאָזיקײַט. מיטנ ווילנ פונעם גאנצנ פילנאציאָנאלנ סאָוועטישנ פאָלק, לויט באפעל פונ דער סאָוועטישער רעגירונג, האָט די רויטע ארמײ באפרײַט אפ אײביק דאָס פאָלק פונ מערעוו-אוקראינע פונ דער מאכט פונ די פּוילישע גוטבאזיצער און קאפּיטאליסטנ.

אפ די פאָלקס-באראטונגענ, פאָלקס-פארזאמלונגענ און מיטינגענ האָט דאָס פאָלק אײנמוטיק אויסגעדריקט דעם אָנוואקלדיקנ ווילנ זיכ ארײַנצוגיסנ אינ דער ברידערלעכער מישפּאָכע פונ די פעלקער פונעם גרויסנ ראטנפארבאנד און ארײַנגײנ אינעם באשטאנד פונ דער אוקראינישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק. ווײַל נאָר אינעם ראטנפארבאנד, וווּ בא דער מאכט שטײענ די ארבעטער און פויערימ, איז פארניכטעט די עקספּלואטאציע פונ אײנ מענטשנ דורכ א צווײטנ מענטשנ, איז פארווירקלעכט די קעגנזײַטיקע הילפ פונ די פעלקער אינ אלע געביטנ פונעם ווירטשאפטלעכנ און געזעלשאפטלעכנ לעבנ. ווײַל נאָר אינעם ראטנפארבאנד איז מעגלעכ פאר יעדנ פאָלק א פולער פאנאנדערבלי פונ דער נאציאָנאלער קולטור — אינ פולנ זינענ פונ דער פאָלקס-קולטור. ווײַל נאָר אינעם ראטנפארבאנד איז פארשוווּנדנ געוואָרנ דאָס געפיל פונ קעגנזײַטיקנ אומצוטרוי צווישנ פעלקער און אָנשטאָט נאציאָנאלער אומײניקײַט, וואָס די בורזשואזיע קולטיווירט, איז אויסגעוואָקסנ און קרעפטיק געוואָרנ די פרײַנטשאפט פונ די פעלקער.

אינעם ראטנפארבאנד בליט זיכ פאנאנדער די אוקראינישע סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפּובליק. עס זײַנענ אויסגעבויט געוואָרנ הונדערטער מעכטיקע זאוואָדנ און פאבריקנ, אינ וועלכע עס ארבעט אנ ארבעטער-קלאס, וואָס ווײסט ניט פונ קײנ עקספּלואטאציע. עס איז אויסגעוואָקסנ און עקאָנאָמיש קרעפטיק געוואָרנ דאָס אוקראינישע פויערטומ, וואָס באזיצט די גאנצע ערד און באארבעט זי מיט דער נײַסטער טעכניק. די סאָוועטישע מאכט און די קאָמוניסטישע פארטײ האָבנ געשאפנ אלע באדינגונגענ פארנ צעבלי פונ אנ עמעסער אוקראינישער סאָוועטישער פאָלקס-קולטור. די אוקראינישע שפּראכ איז א מעלוכע-שפּראכ. די זינ און די טעכטער פונ די פעלקער פונעם ראטנפארבאנד פארנעמענ אָנפירנדיקע פּאָסטנס אינ אלע געביטנ פונעם פּאָליטישנ, ווירטשאפטלעכנ, קולטורעלנ און געזעלשאפטלעכנ לעבנ. די יוגנט פונ ראטנ-אוקראינע איז געזיכערט מיט דער פולער מעגלעכקײַט צו לערנענ זיכ, צו באהערשנ די הײכנ פונ דער וויסנשאפט אפ זײער מוטערשפּראכ.

דאָס פאָלק פונ מײַרעוו-אוקראַינע ווייסט דאָס.

די אוקראַינישע פאָלקס-פאַרזאַמלונג, זײַענדיק די אויסדריקערנ פונעם אומגעוואַקלטנ ווילנ אונ פונ די האָפענונגענ פונעם פאָלק פונ מײַרעוו-אוקראַינע, באַשטימט:

בעטנ דעם אויבער-ראַט פונעם פאַרבאַנד ססר אָנצונעמענ מײַרעוו-אוקראַינע אינעם באַשטאַנד פונעם פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ, איינשליסנ מײַרעוו-אוקראַינע אינעם באַשטאַנד פונ דער אוקראַינישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק, קעדיי דערמיט צו פאַראייניקנ דאָס אוקראַינישע פאָלק אינ אנ איינהײַטלעכער מעלוכע, מאַכנ אַ סאָפ צו דער דוירעסדיקער צעשיידונג פונעם אוקראַינישנ פאָלק.

די פאָלקס-פאַרזאַמלונג דריקט אויס די פעסטע זיכערקײַט, אַז דער אויבער-ראַט פונעם פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ וועט באַפרידיקנ די דאָזיקע ביטע פונעם פאָלק פונ מײַרעוו-אוקראַינע, קעדיי עס זאָל אינ דער איינהײַטלעכער אונ איינמוטיקער מישפאָכע פונ די פעלקער פונ ססר, אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פאַרטיי באָלשעוויקעס גיינ אפנ וועג פונ אַ נײַ אונ גליקלעכ לעבנ.

זאָל לעבנ די פרײַע סאָוועטישע אוקראַינע!

זאָל לעבנ די ברידערלעכקײַט פונ די פעלקער!

זאָל לעבנ דער פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ — דאָס פאָטערלאַנד פונ די אַרבעטנדיקע פונ דער גאָרער וועלט!

# דעקלאַראַציע

## פונ דער פאָלקספאַרזאַמלונג פונ מײַרעוו-אוקראַינע וועגנ דער נאַציאָנאַליזאַציע פונ די בענק אונ פונ דער גרויס-אינדוסטריע אינ מײַרעוו-אוקראַינע

אָנגענומענע איינשטימיק אפ דער זיצונג דעם 28 אָקטיאַבער 1939 י.

די פוילישע פריצים — די גוטבאַזיצער אונ קאַפּיטאַליסטנ האָבנ מיטנ ציל צו אונטערדריקנ אונ עקספלואַטירנ די אַרבעטער אונ פויערים פאַרכאַפּט אינ זייערע הענט די בענק אונ די גרויס-אינדוסטריע.

דאָס באַפרײַטע פאָלק פון מײַרעוו-אוקראַיִנע, ווענדיק פאַרניכטן אַף אייביק די עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דורך א צווייטן מענטשן, האָט געזאָגט זײַן וואָרט וועגן די בענק און וועגן דער גרויס-אינדוסטריע. אַף די מיטינגען און פאַרזאַמלונגען האָבן די אַרבעטנדיקע פון מײַרעוו-אוקראַיִנע איינמוטיק געמאָלדן וועגן דער נויטווענדיקייט פון דער נאַציאָנאַליזאַציע פון די בענק און פון דער גרויסער אינדוסטריע.

מיטן ציל אומראַכמאָנעסדיק צו דערשטיקן די עקספּלואַטאַטאָרס און פאַרניכטן יעדערליי עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דורך א צווייטן מענטשן, אויסדריקנדיק דעם איינמוטיקן ווילן פונעם גאַנצן פאָלק פון מײַרעוו-אוקראַיִנע, נאָכפאָלגנדיק דעם בײַשפּיל פונעם פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן, פּראָקלאַמירט די אוקראַיִנישע פאָלקס-פאַרזאַמלונג די נאַציאָנאַליזאַציע פון די בענק און פון דער גרויס-אינדוסטריע פון מײַרעוו-אוקראַיִנע.

פון איצט אָן איז אַלע ווערטזאַכן פון די בענק, אַלע גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן, אַלע אַרצגרובן און אײַזנבאַנען ווערן דערקלערט פאַר אָן אַלפאָלקישן באַזיץ, ד. ה. פאַר א מעלוכע-אייגנטום.

פון איצט אָן איז אַף אונדזער באַפרײַטער ערד ניטאָ און עס וועט ניט זײַן קיין אָרט פאַר פּאַראַזיטן — פאַבריקאַנטן, זאַוואָדטשיקעס און באַנקירן.

די אוקראַיִנישע פאָלקס-פאַרזאַמלונג, דערקלערנדיק די נאַציאָנאַליזאַציע פון די בענק און פון דער גרויס-אינדוסטריע פון מײַרעוו-אוקראַיִנע, רופט אַלע אַרבעטנדיקע אָפּצוהיטן וואַכזאַם, מיט אַן אײַזערנער רעוואָלוציאָנערער דיסציפּלין דעם אַלפאָלקישן באַזיץ — דאָס מעלוכע-אייגנטום, פאַרפעסטיקן אונדזער זיג, שמידן אונדזער גליק. 1)

1 דעקלאַראַציעס ענלעכע צו די פיר, וואָס זײַנען געבראַכט פריִער, זײַנען אויך אָנגענומען געוואָרן דורך דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג פון דעם געוועזענעם מײַרעוו-ווײַסרוסלאַנד.

# געזעצ

## וועגנ איינשליסנ מיירעוו־אוקראינע אינעמ באשטאנד פונעמ פארבאנד סאוועטישע סאציאליסטישע רעפובליקנ מיטנ ווידערפארייניקנ זי מיט דער אוקראינישער סאוועטישער סאציאליסטישער רעפובליק

אויסגעהערט די מעלדונג פונ דער באפולמעכטיקטער קאמיסיע פונ דער פאלקס־פארזאמלונג פונ מיירעוו=אוקראינע, באשטימט דער אויבער=ראט פונעמ פארבאנד סאוועטישע סאציאליסטישע רעפובליקנ:

1. באפרידיקנ די ביטע פונ דער פאלקס=פארזאמלונג פונ מיירעוו=אוקראינע און איינשליסנ מיירעוו=אוקראינע אינעמ באשטאנד פונעמ פארבאנד סאוועטישע סאציאליסטישע רעפובליקנ מיטנ ווידערפארייניקנ זי מיט דער אוקראינישער סאוועטישער סאציאליסטישער רעפובליק.

2. באויפטראגנ דעמ פרעזידיומ פונעמ אויבער=ראט צו באשטימענ א טאג פאר די וואלנ פונ דעפוטאטנ פונ מיירעוו=אוקראינע אינעמ אויבער=ראט פונ פססר.

3. פארלייגנ דעמ אויבער=ראט פונ דער אוקראינישער סאוועטישער סאציאליסטישער רעפובליק ארייננעמענ מיירעוו=אוקראינע אינעמ באשטאנד פונ דער אוקראינישער סאוועטישער סאציאליסטישער רעפובליק.

4. בעטנ דעמ אויבער=ראט פונ דער אוקראינישער סאוועטישער סאציאליסטישער רעפובליק צוזאמענ מיט דעמ אויבער=ראט פונ פססר אפ צו באטראכטנ א פראיעקט וועגנ באנאנדערגרענעצנ די ראיאנענ און געגנטנ צווישנ דער אוקראינישער סאוועטישער סאציאליסטישער רעפובליק און דער ווייסרוסישער סאוועטישער סאציאליסטישער רעפובליק.

פארזיצער פונעמ פרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט פונ פססר
מ. קאלינינ.

סעקרעטאר פונעמ פרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט פונ פססר
א. גארקינ.

מאסקווע, קרעמל. 1 נאיאבער 1939 י.

# געזעצ

## וועגנ אײַנשליסנ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ באשטאנד פונעמ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפּובליקנ מיטנ ווידערפאראייניקנ עס מיט דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק

אויסגעהערט די מעלדונג פונ דער באפולמעכטיקטער קאָמיסיע פונ דער פאָלקס־פארזאמלונג פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, באשטימט דער אויבער־ראט פונעמ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפּובליקנ:

1. באפרידיקנ די ביטע פונ דער פאָלקס־פארזאמלונג פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ אײַנשליסנ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ באשטאנד פונ דעמ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפּובליקנ מיטנ ווידער־פאראייניקנ עס מיט דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק.

2. באויפטראָגנ דעמ פּרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט צו באשטימענ א טאָג פאר די וואלנ פונ דעפּוטאטנ פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ אויבער־ראט פונ פססר.

3. פאָרלייגנ דעמ אויבער־ראט פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק ארײַנצונעמענ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ באשטאנד פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק.

4. בעטנ דעמ אויבער־ראט פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק צוצושטעלנ דעמ אויבער־ראט פונ פססר אפּ צו באטראכטנ א פּראָיעקט וועגנ דעמ פאנאנדערגרענעצנ די ראיאָנענ אונ געגנטנ צווישנ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק אונ דער אוקראַינישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפּובליק.

פאָרזיצער פונעמ פּרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט פונ פססר
מ. קאלינינ.

סעקרעטאר פונעמ פּרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט פונ פססר
א. גאָרקינ.

מאָסקווע, קרעמל. 2 נאָיאבער 1939 י.

# געזעץ

## וועגן אריינעמען מיירעוו־אוקראינע אינעם באשטאנד פון דער אוקראינישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפובליק

אויסגעהערט די מעלדונג פון דער באפולמעכטיקטער קאָמיסיע פון דער פאָלקס־פארזאמלונג פון מיירעוו־אוקראינע, באשטימט דער אויבער־ראט פון דער אוקראינישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רע־פובליק:

1. באגריסנ הייס די היסטאָרישע באשטימונג פונעם אויבער־ראט פון פססר פארנ 1 נאָיאבער 1939 י. וועגן איינשליסנ מיירעוו־אוקרא־ינע אינעם באשטאנד פונעם ראטנפארבאנד.

2. אריינעמען מיירעוו־אוקראינע אינעם באשטאנד פון דער אוקראינישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפובליק און דערמיט גופע ווידערפאראייניקנ דאָס גרויסע אוקראינישע פאָלק אין אן איינ־הייטלעכער אוקראינישער מעלוכע.

3. באופטראָגנ דעם פרעזידיום פונעם אויבער־ראט צו באשטימענ א טאָג פאר די וואלנ פון דעפוטאטנ פון מיירעוו־אוקראינע אינעם אויבער־ראט פון אוססר.

4. באופטראָגנ דעם פרעזידיום פונעם אויבער־ראט פון אוססר צו באשטימענ די אדמיניסטראטיווע צעטיילונג פון די געגנטנ און ראיאָ־נענ פון מיירעוו־אוקראינע און, אין העסקעם מיט די פונקטנ „b“ און „г“ פונעם ארטיקל 19 פון דער קאָנסטיטוציע פון אוססר, צושטעלנ דעם אויבער־ראט פון פססר אפ צו באשטעטיקנ א פראָיעקט וועגנ אויסבילדנ נייע געגנטנ און א פראָיעקט וועגנ דער פאנאנדערגרענעצונג פון די ראיאָנענ און געגנטנ צווישנ דער אוקראינישער סאָוועטישער סאָציאליסטישער רעפובליק און דער ווייסרוסישער סאָוועטישער סאָציא־ליסטישער רעפובליק.

פאָרזיצער פונעם פרעזידיום פונעם אויבער־ראט פון אוססר
**מ. גרעטשוכא.**

סעקרעטאר פונעם פרעזידיום פונעם אויבער־ראט פון אוססר
**א. מעזשערינ.**

קיעוו, 15 נאָיאבער 1939 י.

# געזעצ

## וועגנ ארײַנעמענ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ באשטאנד פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק

אויסגעהערט די מעלדונג פונ דער באפולמעכטיקטער קאָמיסיע פונ דער פאָלקס־פארזאמלונג פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, ב א ש ט י מ ט דער אויבער־ראט פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק:

1. באגריסנ הײמ די היסטאָרישע באשטימונג פונעמ אויבער־ראט פונ פססר פארנ 2 נאָיאבער 1939 י. וועגנ אײַנשליסנ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ באשטאנד פונעמ ראטנפארבאנד.

2. ארײַנעמענ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ באשטאנד פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק אונ דערמיט גופע ווידערפאראייניקנ דאָס גרויסע ווײַסרוסישע פאָלק אינ אנ איינהײַטלעכער ווײַסרוסישער מעלוכע.

3. באופטראָגנ דעמ פרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט צו באשטימענ א טאָג פאר די וואלנ פונ דעפוטאטנ פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אינעמ אויבער־ראט פונ ווססר.

4. באופטראָגנ דעמ פרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט פונ ווססר צו באשטימענ די אדמיניסטראטיווע צעטײלונג פונ די געגנטנ אונ ראַיאָנענ פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ, אינ העסקעמ מיטנ פונקט „6“ פונעמ ארטיקל 19 פונ דער קאָנסטיטוציע פונ ווססר, צושטעלנ דעמ אויבער־ראט פונ פססר אפ צו באשטעטיקנ א פראָיעקט וועגנ אויסבילדנ נײַע געגנטנ אונ א פראָיעקט פונ דער פאנאנדערגרענעצונג פונ די ראַיאָנענ אונ געגנטנ צווישנ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק אונ דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק.

פאָרזיצער פונעמ פרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט פונ ווססר

ג. נ א ט א ל ע װ י ט ש.

סעקרעטאר פונעמ פרעזידיומ פונעמ אויבער־ראט פונ ווססר

ל. פ אָ פ ק אָ ו.

מינסק, 14 נאָיאבער 1939 י.

---

# אינהאלט

ЦІНА 75 КОП.

ЄВРЕЙСЬКОЮ МОВОЮ

Акад. І. Трайнін

НАЦІОНАЛЬНЕ та СОЦІАЛЬНЕ ВИЗВОЛЕННЯ ЗАХІДНОЇ УКРАЇНИ та ЗАХІДНОЇ БІЛОРУСІЇ

УКРДЕРЖНАЦМЕНВИДАВ

1